פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

וו. קנאָרין

# פאשיזם, סאָציאַל-דעמאָקראטיע און קאָמוניסטן




פארלאג „עמעס", מאָסקווע 1934

# אונדזער טאקטיק איז א ריכטיקע

באווייריט, סאמאקיל זעקס יאר זײַנענ אריבער זינט רודאלפ הילפערדינג איז אפנ קילער פארטײַ-טאג פונ דער דײַטשישער סאציאל-דעמאקראטיע ארויסגעטראטנ מיט דער נײַער פראגראמ פונ דער נאכמילכאמעדיקער סאציאל-דעמאקראטיע, מיט דער טעאריע פונ „ארגאניזירטנ קאפיטאליזמ" אונ פונ „פרידלעכנ אריינוואקסנ אינ סאציאליזמ דורכ דעמאקראטיע".

„די קאמוניסטנ גייענ צומ גרונט. דאס קאנ זײַנ נאר א פראגע פונ צײַט. אווזערע ניט איז באדײַטונג פאר דער סאציאליסטישער באוועגונג האבנ שוינ ניט די קאמוניסטנ, זיי קומענ אומ. א גרויסער זיג פונ דער סאציאל-דעמאקראטיע איז מעגלעכ. איכ זאג נאכאמאל: מיר ווייסנ דעמ וועג, מיר ווייסנ דעמ ציל, — אויב מיר וועלנ קעמפנ אונטער די וואל-לאזונגענ, טרײַ די סאציאליסטישע פרינציפנ, אומאפגייגבאר אינ קאמפ פאר אונדזער ציל — דעראבערנ די מעלוכע-מאכט — אונ פרײַ אינעמ מאנעווורירנ אינ אונדזער טאקטיק, דאנ וועט אונדזער זיג ווערנ א ווירקלעכקײַט".

אזוי האט פארענדיקט זײַנ רעדע רודאלפ הילפערדינג אפנ קילער פארטײַ-טאג ערעוו די וואלנ צומ רײַכסטאג אינ 1928 יאר.

די וועלט האט זיכ נאכ דאנ געפונענ אונטערנ צײַכנ פונ דער פאר-העלטנישמעסיקער סטאביליזאציע פונעמ קאפיטאליזמ. די פראדוקציע, דער האנדל אונ די טעכניק זײַנענ געוואקסנ. די פאראייניקטע שטאטנ זײַנענ געווענ פארשיכורט מיט זייער אופבלי, „מיטנ אמעריקאנער ווירטשאפטלעכנ וואונדער". די סאציאל-דעמאקראטיע האט זיכ אינ 1928 געשטעלט בא דער מאכט אינ דײַטשלאנד, אונ די פרײַסישע רעגירונג האט זיכ פונ 1918 יאר קעסיידער געפונענ בא איר אינ די הענט. די טעאריע פונ „ארגאניזירטנ קאפיטאליזמ" איז געווארנ דאס אייגנמ

פונעמ גאנצנ צווייטנ אינטערנאציאָנאל. אינ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג האָט זיכ נאָכ געפילט דער שטילשטאנד, וואָס איז אָנגעקומענ נאָכנ 1923 יאָר.

אינ די דאָזיקע באדינגונגענ האָבנ זיכ אינ 1928 יאָר צונויפגעקליבנ צוויי וועלט־קאָנגרעסנ: אינ בריסעל — דער קאָנגרעס פונעמ צווייטנ אינטערנאציאָנאל, אינ מאָסקווע — דער זעקסטער קאָנגרעס פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. אונ אינ דער צייט, ווענ די סאָציאַל־דעמאָקראטנ האָבנ אפ זייער בריסעלער וועלט־קאָנגרעס באשלאָסנ, אז דער קאפיטאליזמ האָט פארהיילט זיינע ווונדנ, אינ דער זעלבער צייט, אינ די זעלבע האַרבסט־כאָדאָשימ פונ 1928 יאָר האָט אונדזער זעקסטער קאָנגרעס פונ קאָמינטערנ קאָנסטאטירט, אז עס איז אָנגעקומענ א נייער, דער דריטער פעריאָד פונעמ נאָכמילכאָמעדיקנ קריזיס פונעמ קאפיטאליזמ, דער פעריאָד פונ אופטרייסלענ די סטאביליזאציע פונעמ קאפיטאליזמ אונ פונעמ וווּקס פונ רעוואָליוציאָנערנ אופשטייג פונ די מאסנ. בייס די סאָציאַל־דעמאָקראטיע האָט צוזאמענ מיט דער גאנצער בורזשואזיע געפייערט דאָס געזונט ווערנ פונ דעמ קאפיטאליזמ, האָט אונדזער אלוועלטלעכע קאָמוניסטישע פארטיי געוואָרפנ זיי אינ פּאָנעמ איר ארויסרופנדיקע אָפּשאצונג: „מיינע הערנ, איר קאָנט נאָכ היינט הוליענ, אָבער איר זייט שטערבלעכ קראנק, איר וועט ניט באוויזנ זיכ צעגיינ אהיימ, ווי אייכ וועט כאפּנ די פּעסט פונעמ קריזיס".

אינ א יאָר ארומ האָט זיכ שוינ אינ דער גאנצער וועלט געפילט די דערנענטערונג פונעמ עקאָנאָמישנ איבערפּראָדוקציע־קריזיס. גלייכ נאָכ די מאסנ־דעמאָנסטראציעס פונ 1927 יאָר קעגנ דער קעפּונג פונ סאקאָ אונ וואנצעטי, דעמאָנסטראציעס, וואָס האָבנ געוויזנ, אז דער שטילשטאנד אינ דער ארבעטער־באוועגונג איז שוינ אריבערגעגאנגענ, האָט זיכ אינ 1928 יאָר פאנאנדערגעוויקלט א מעכטיקע שטרייק־באוועגונג (לאָדז, רור, מינכענ־גלאדבאכ אאוו.). אָבער די פּאָרגעקומענע ענדערונגענ האָט ווייניקער פונ אלעמענ פארשטאנענ די סאָציאַל־דעמאָקראטיע, וואָס איז אָפּגעטראָטנ פונעמ מארקסיזמ. זי איז נאָכ אלצ געווענ פארכאפּט מיט די טעאָריעס פונ „אָרגאניזירטנ קאפיטאליזמ" אונ „אָנקריזיסדיקער אנטוויקלונג". דערנענטערנדיק זיכ צומ באנקראָט פונ דער ווײמארער רעפּובליק, האָט די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקרא־

טיע אויפנ מאַגדעבורגער פּאַרטייטאַג אינ 1929 יאָר זיכ נאָכ געגרייסט מיט איר קויעכ; דיטמאַנ האָט דערקלערט, אַז „אינ דייטשלאַנד איז פאַראַנ מער סאָציאַליזמ, ווי אינ פססר", וועלס האָט דערקלערט: „אויב שוינ דיקטאַטור, איז אונדזער דיקטאַטור". די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט פאַרשטאַרקט דעמ טעראָר קעגנ דעמ רעוואָלוציאָנערנ פּראָלעטאַריאַט, קעגנ דעמ וואַקסנדיקנ רעוואָלוציאָנערנ אופשטייג פונ די מאַסנ, אַלצ מער אַרויסווייזנדיק איר אַנטי-דעמאָקראַטישנ פּאָנעמ.

אינ אַ שאַרפנ קאָנטראַסט מיט די אָפּשאַצונגענ, וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע האָט געגעבנ, האָבנ מיר אופ אונדזער צענטנ פּלענומ, אינ יול 1929 יאָר, אָנגעוויזנ, אַז עס וואַקסנ די ווידערשפּרוכנ צווישנ די קלאַסנ אונ מעלוכעס, עס וואַקסט אַ נייער רעוואָלוציאָנערער אופשטייג, אַז דער עקאָנאָמישער קריזיס איז שוינ ניט הינטער די בערג.

עס איז אַריבער גאָכ צייט. דער עקאָנאָמישער קריזיס האָט שוינ געווילדעוועט אינ דער גאַנצער וועלט. די בורזשואַזיע האָט אינ פרילינג 1930 יאָר אַרויסגעוואָרפנ די סאָציאַל-דעמאָקראַטנ פונ די מיניסטער-שטולנ אינ דייטשלאַנד. אינ האַרבסט האָט געליטנ אַ מאַפּאָלע די ליבאָריסטישע רעגירונג אינ ענגלאַנד. די טעאָריע פונ „אָרגאַניזירטנ קאַפּיטאַליזמ" איז איינגעפאַלנ — די סאָציאַל-דעמאָקראַטנ האָבנ אַרויסגערוקט אַ „טעאָריע" וועגנ דעמ, אַז דער קאַפּיטאַליזמ איז ערנסט קראַנק, אַז די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע דאַרפ אימ היילנ.

אונ מיר האָבנ אינ דער זעלבער צייט אופנ עלפטנ פּלענומ פונ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ געוויזנ די מאַסנ דעמ וואַקסנדיקנ קאָנטראַסט פונ צוויי סיסטעמענ, פונ דער סיסטעמ פונ דעמ זיכ בויענדיקנ סאָציאַליזמ אונ פונ דער סיסטעמ פונ פוילנדיקנ קאַפּיטאַליזמ, האָבנ פאַרצייכנט דעמ וווּקס פונ די פאָרהאַנאָכעס פאַרנ רעוואָלוציאָנערנ קריזיס אינ אַ רייע לענדער, האָבנ אָנגעוויזנ, אַז דער איינציקער אויסוועג פונעמ קריזיס פאַר די אַרבעטנדיקע מאַסנ איז די רעוואָלוציע.

צולעצט אופ אונדזער פאַריקנ XII פּלענומ פונ אויספירקאָמ פונ קאָמינטערנ, ווענ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיכ שוינ געפילט אינ פאַרלאָרנקייט, איז אַריבער צו פּלאַפּלערייַ וועגנ אַ קאָנטר-רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע, האָבנ מיר פעסט אונ זיכער געזאָגט, אַז די סטאַביליזאַציע פונ קאַפּיטאַליזמ האָט זיכ געענדיקט, אַז די וועלט שטייט פאַר גרויסע צוזאַמענשטויסנ צווישנ די קלאַסנ אונ צווישנ די

מעלוכעס, אַז עס זײַנענ מעגלעכ שאַרפֿע איבערוקנ און קערווענדונגענ פֿונ די געשעענישנ, אַז עס קומט פֿאָר אַנ איבערגאַנג צו אַ נײַעמ טור רעוואָליוציעס און מילכאָמעס.

אינ די האָזיקע אַלע אָפּשאַצונגענ פֿונ דער לאַגע האָט זיכ אַרויס־געוויזנ, אַז גערעכט זײַנענ מיר. אונדזער אַנאַליז האָט זיכ באַרעכטיקט פֿונ יאָר צו יאָר. אונדז איז קײנ זאַכ ניט אויסגעקומענ איבערקערנ. אָבער דאָס אַלצ, וואָס אונדז פֿלעגנ אַנטקעגנשטעלנ די טעאָרעטיקער פֿונ דער בורזשואַזיע און קוידעמקאָל די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — אָט דאָס אַלצ פֿלעגט זיכ פֿונ יאָר צו יאָר צעשיטנ ווי קאָרטנ־הײַזלעכ, וואָרעמ מיר האָבנ זיכ געשטיצט און שטיצנ זיכ אויפֿ דער אײנציקער וויסנשאַפֿטלעכער טעאָריע — דער טעאָריע פֿונ מאַרקסיזמ־לעניניזמ, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט זי שוינ לאַנג פֿאַראַטנ, וואָרעמ מיר האָבנ ניט מוירע צו קוקנ די פֿאַקטנ אינ פּאָנעמ אַרײַנ און אָנ־רופֿנ די זאַכנ מיט זײערע נעמענ.

באַוואָפֿנטע מיט דער לעניניסטישער טעאָריע פֿונ מאַרקסיזמ־לעניניזמ, אַנאַליזירנדיק די וועלט־לאַגע, פֿאַרשטײענדיק די גרויסע שוועריקײטנ, וואָס שטײענ פֿאַר אונדז, האָבנ מיר גערופֿנ די אַרבעטנדיקע מאַסנ צומ קאַמפּ קעגנ פֿאַשיזמ און מילכאָמע, פֿאַר אַראָפּוואַרפֿנ די מאַכט פֿונ די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ און אײַנשטעלנ די דיקטאַטור פֿונעמ פּראָלעטאַריאַט. באַנעמענדיק די גאָר גרויסע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײט פֿאַרנ גוירל פֿונ דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבנ מיר אונ־דזער גאַנצע אַרבעט אינ פֿאַריקנ יאָר געפֿירט אויפֿנ סמאַכ פֿונ די אָנ־ווײַזונגענ פֿונ XII פּלענומ פֿונ אויספֿירקאָמ פֿונ קאָמינטערנ.

אינ די צוויי גרונטיקע קנופּ־פּונקטנ, אינ דײַטשלאַנד און אויפֿנ ווײַטנ מיזרעכ, האָבנ די ווידערשפּרוכנ פֿונ דער קאַפּיטאַליסטישער סיסטעמ דערגרײכט צו דער סאַמע גרעסטער שאַרפֿקײט. דער רעוואָליוציאָנערער אויפֿשטײַג אינ דער גאַנצער וועלט איז געוואַקסנ. אינ כינע האָט זיכ פֿאַרברײטערט די סאָוועטישע רעוואָליוציע. אינ שפּאַניע, דײַטשלאַנד, פּוילנ, טשעכאָ־סלאָוואַקיע און אינ אַ סאַכ אַנדערע לענדער זײַנענ פֿאָר־געקומענ ערנסטע קלאַסנ־שלאַכטנ. אָבער דער פֿאַשיזמ האָט צײַטווײַ־ליק געזיגט אינ דײַטשלאַנד. אויפֿ אַ קורצע צײַט האָט די דײַטשישע בור־זשואַזיע פֿאַרפֿעסטיקט איר מאַכט. אויפֿנ ווײַטנ מיזרעכ האָט זיכ פֿאַר־ברײטערט די מילכאָמע. דער אָנפֿאַל פֿונ יאַפּאַניע אויפֿ פּססר האָט

זיכ געשטעלט אינ טאג־אָרדענונג. נאָר מיר קאָנענ האָב זאָגנ, אז אונ־זער רומפולע קאָמפּארטיי אינ דײַטשלאנד האָט געטאָנ צוליבנ קאמפּ קעגנ פאשיזמ אלצ, וואָס זי איז געווענ בעקויעכ אונ וואָס עס האָט זיכ געפאָדערט, ארויסגייענדיק פונ דער געגעבענער קאָנקרעטער פארהעל־טעניש פונ די קלאסנ־קרעפטנ. מיר קאָנענ אויכ זאָגנ, אז די יאפּאָנישע אונ די כינעזישע קאָמפּארטייענ האָבנ פארנ קאמפּ קעגנ דער מילכאָמע געטאָנ אלצ, וואָס זיי זײַנענ געווענ בעקויעכ אונ וואָס עס האָט זיכ געפאָדערט, ארויסגייענדיק פונ דער געגעבענער קאָנקרעטער פארהעלטע־ניש פונ די קלאסנ־קרעפטנ. אונ אויב אינ א ריי לענדער קומט איצט צו דער מאכט דער פאשיזמ, אויב די מילכאָמע־געפאר איז געוואָרנ א דירעקטע, קאָנענ מיר פונדעסטוועגנ נאָכ מער זיכער, ווי ווענ ניט איז, זאָגנ: די קויכעס פונ דער רעוואָליוציע וואקסנ, טראָצ דעמ פאשיסטישנ טעראָר אונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, קיינע שומ היטלערס באנדעס אונ אראקיס ארמייענ זײַנענ ניט אימשטאנד אײַנצוהאלטנ דעמ דאָ־זיקנ וווּקס פונ די קויכעס פונ דער רעוואָליוציע.

*אונדזער אנאליז פונ דער לאגע איז א ריכטי־קער. אונדזער טאקטיק איז א ריכטיקע* — אָט וואָס עס ווײַזט דער בליק אפ צוריק אפ דער אנטוויקלונג פארנ פינפיאָר נאָכנ זעקסטנ קאָנגרעס פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

## די מאָדערנע קאפּיטאליסטישע מעלוכע

די וועלט, ווי דער כ׳ קוסינענ האָט אָנגעוויזנ, קומט שוינ איצט צו, אפנ גרונט פונ די פעסטע געזעצנ פונ איר אנטוויקלונג, הארט צומ נײַעמ טור רעוואָליוציעס אונ מילכאָמעס.

די קאלאָסאלע צעשטערנדיקע קראפט פונעמ קריזיס, דער וווּקס פונ פססר אונ דער וווּקס פונ דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אינ די קאפּיטאליסטישע לענדער גופע צעטרייס־לענ די סאמע פעסטע יעסוידעס פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעל־שאפט. די ווידערשפּרוכנ צווישנ די קלאסנ אונ צווישנ די מעלוכעס פארשארפנ זיכ קאטאסטראָפאל. קיינ איינ קאפּיטאליסטישע מעלוכע איז ניט זיכער אינ דער אומבארירלעכקײַט פונ אירע גרענעצנ. קיינ

אינ קאַפּיטאַליסטישע רעגירונג איז ניט זיכער אינ מאָרגנדיקנ טאָג. אומעטום קומענ פאָר שאַרפע געראַנגלענ צווישנ די קויכעס פונ דער רע־וואָליוציע אונ די קויכעס פונ דער רעאַקציע.

עס גייט א צוגרייטונג צו א מילכאָמע צווישנ די מעלוכעס דורכ א מילכאָמע פונ די גרעסטע קרעפטנ פונ דער בורזשואַזיע קעגנ די קאָמפּאַרטייענ אונ דעמ אַרבעטער־קלאַס. עס קומט פאָר אַנ אויסערסטע פאַרשאַרפונג פונ די ווידערשפּרוכנ צווישנ די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. צוזאַמענ דערמיט הייבט זיכ אופּ א כוואַליע נאַציאָנאַליזמ, וואָס די בורזשואַזיע נוצט אויס אַפּ איינשטעלנ אינ א ריי לענדער די מאַכט פונ די סאַמע עקסטרעמע רעאַקציאָנערע, שאָוויניסטישע, פאַשיסטישע פאַרטייענ פונ דער בורזשואַזיע. עס ווערנ מאָביליזירט די סאַמע פינצטערע קרעפטנ פונ דער רעאַקציע, די רעשטלעכ מיטלאַלטער, קעדיי צו באַשיצנ דעמ שטאַרבנדיקנ, גוויסעסדיקנ קאַפּיטאַליזמ.

אָבער דאָכ זעענ די הערשנדיקע קלאַסנ, אַז זיי קאָנענ ניט אָנפירנ מיטנ רודער פונ זייער סיסטעמ. די קאַפּיטאַליסטישע וועלט שווימט אָנ א רודער אונ אָנ זעגלענ אַנטקעגנ איר אומקומ. די פילאָסאָפנ פונ די עקספּלואַטאַטאָרישע קלאַסנ זיינענ פול מיטנ טיפסטנ פעסימיזמ אונ בקירענ זיכ וועגנ דעמ אונטערגאַנג פונ אייראָפּע. זייערע שרייבער שרייבנ אוטאָפּישע ראָמאַנענ וועגנ דער פאַרשטייענדיקער מילכאָמע אונ וועגנ איינשטעלנ א פאַשיסטישע דיקטאַטור, וועגנ דער דיקטאַטור פונ ווייניקע—אינזשענירנ, טעכניקער אָדער פליער. זייערע עקאָנאָמיסטנ, וואָס זאָגנ פאָרויס א נייעמ אויפבלי אונ דעמ סאָפ פונעמ קריזיס, ווייזנ זיכ אַרויס פאַר פּשוטע בירזשע־ספּעקוליאַנטנ, וואָס שפּילנ אַפּ דער העכערונג פונעמ קורס פונ די אַקציעס, אָדער פאַר רעאַקציאָנערע אוטאָפּיסטנ, וואָס רעדנ פונ הויצ וועגנ דעמ קער פונ דער געשיכטע אַפּ צוריק צו דער קליינבירגערדיקער ווירטשאַפט. זייערע פּאָליטיקער רעדנ מיטנ גרעסטנ ציניזמ וועגנ דער אָנקומענדיקער מילכאָמע, ווי זיי זיינענ געוווינט צו רעדנ וועגנ דער באַשלאָסענער פאַר דעמ קומענדיקנ זומער לוסט־רייזע איבערנ מיטללענדישנ יאַמ. א מאַראַזמ האָט אַרומגעכאַפּט די הערשנדיקע קלאַסנ, וואָס האָבנ זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר באַנקראָט לעבנ דער געשיכטע.

דער קאפּיטאליזמ האָט אָפּגעלעבט זײַנע יאָרנ. די בעסטע דענקענדיקע מענטשנ פונ דער קאפּיטאליסטישער געזעלשאַפט הייבנ דאָס אָנ צו פאַרשטיינ אַלץ אינ א גרעסערער מאָס. זייערע סימפּאַטיעס ווענדנ זיכ אַלץ אינ א גרעסערער מאָס צו אונדז. הונדערטער שרײַבער, געלערנטע, אינזשענירנ און טעכניקער שפּירנ נאָכ מיט דער גרעסטער סימפּאַטיע נאָכ דער סאָציאַליסטישער בויונג אינ ססר. די סימפּאַטיעס פונ די ברייטע שיכטנ אינטעליגענץ, באַזונדערס אינ אַמעריקע און אפנ ווײַטנ מיזרעכ, הייבט אָנ צו דעראָבערנ סאָוועטנ־כינע, וואָס איז געוואָרנ א גרויסער פּאָליטישער פאַקטאָר אפנ ווײַטנ מיזרעכ. דער קאפּיטאליזמ ווידער האַלט זיכ אפ באַגנעטנ, אפ דעמ קאָלאָסאַל אויסגעוואַקסענעמ מעלוכע־אַפּאַראַט, וואָס שלאָגט אַרויס פונ די שטייער־צאָלער מיטלענ אפ סובסידירנ די בענק און די גרויסע טרעסטנ און וואָס אונטערדריקט מיט פייער און שווערד די רעוואָליוציאָנערע באַוועגונג פונ די אַרבעטער און פויערימ.

דער קריזיס פונעמ קאפּיטאליזמ איז אַזוי טיפ, אַז אַפילע מוסאָליני איז געווענ געצוווּנגענ אינ זײַנ רעדע אינ נאָיאַבער 1933 י פאָרנ נאַציאָנאַלנ ראַט פונ די פאַשיסטישע קאָרפּאָראַציעס צו זאָגנ:

„מיר זײַנענ דערגאַנגענ דערצו, אַז ווענ די מעלוכע וואָלט אײַנגעשלאָפנ אפ 24 שאָ, וואָלט אַזא איבעררײַס געווענ גענוג, אַז עס זאָל אָנקומענ א קאַטאַסטראָפע. פונ איצט אָנ איז ניטאָ אַזא ווירטשאַפטגעביט, וואָס די מעלוכע זאָל קאָנענ ניט אַרײַנמישנ זיכ אינ איר. אויב מיר ווילנ דעמ דאָזיקנ קאפּיטאליזמ פאַרלענגערנ זײַנ לעצטע שאָ, דאַנ קומענ מיר צומ מעלוכע־קאפּיטאַליזמ, וואָס איז ניט עפּעס אַנדערש ווי מעלוכישער סאָציאַליזמ אפ דער לינקער זײַט. אָט דאָס איז טאַקע דער קריזיס פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ אינ זײַנ אוניווערסאַלער באַדײַטונג״.

אויב די מאָדערנע מאָנאָפּאָליסטיש־קאפּיטאליסטישע בורזשואַזיע מעלוכע וואָלט אײַנגעשלאָפנ אפ 24 שאָ, וואָלט דער קאפּיטאליזמ זיכ צעפאַלנ, וואָלט די מאַכט אַריבער צו די קאָמוניסטנ, — אָט וואָס עס אַנערקענט מוסאָליני, דער דאָזיקער סאַמע אָנגעזעענער פאַרשטייער פונעמ מאָדערנעמ מאָנאָפּאָליסטישנ קאפּיטאַל.

אָבער וואָס טיפער עס איז דער קריזיס, וואָס ערגער עס גייענ די

געשעפטנ פונ דער בורזשואזיע, אלצ מער פארגרעסערט זיכ דער פאראזיטישער אפאראט פונ דער בורזשואזיע. אונ די אָנגאבנ, וואָס כ' קוסינענ האָט פארעפנטלעכט אפנ XIII פלענומ* וועגנ קאָלאָסאלנ וווּקס פונ דעמ טייל פאָלקס־האכנאָסע, וואָס עס נעמט צו אונ עסט אופ די מעלוכע, באטראכטנ מיר ווי א צייגער פונ דער אויסערגעוויינלעכער פארשארפונג פונעמ קלאסנ־קאמפ אונ פונעמ קאמפ צווישנ די מעלוכעס, ווי א צייגער פונ דער שוואכקייט אינ ניט פעסטקייט פונ דער קאפיטאליסטישער אָרדענונג. דער קאפיטאליזמ וויל פארלענגערנ זיינע יאָרנ מיטנ פארגרעסערנ די מעלוכע־מאשינ, מיטנ פארגרעסערנ די מיטלענ צו אונטערדריקנ די עקספלואטירטע קלאסנ. ,,די מעלוכע, — ווי ענגעלס האָט געזאָגט, — איז קוידעמקאָל אָטריאדנ באוואָפנטע מענטשנ מיט מאטעריעלע צוגאבנ, ווי אשטייגער טורמעס". וואָס מער דער קאפיטאליזמ איז געוואָרנ איבערצייפ, אלצ מער שטיצט זיכ די בורזשואזיע באמ אונטערדריקנ דעמ ווידערשטאנד פונ די ארבעטנדיקע מאסנ אופ דער ארמיי, פאָליציי, אופ דער גאנצער מאָדערנער מיליטערישער טעכניק, אלצ מער וואקסט דער טעראָר קעגנ די אר-

---

* אינ דייטשלאנד האָט ביז דער מילכאָמע דער אלמעלוכישער ביודזשעט באטראָפנ 7 פראָצ. פונ דער נאציאָנאלער האכנאָסע; אינ 1929 יאָר האָבנ שוינ די הויצאָעס פונ דער גאנצער אימפעריע, פונ די באזונדערע לענדער אונ קאָמונעס באטראָפנ 26 פראָצ., אונ אינ 1932 יאָר — 33 פראָצענט פונ דער נאציאָנאלער האכנאָסע. אינ די צאפש האָט דער פעדעראלער ביודזשעט פארנומענ אינ 1913 יאָר בלויז 2 פראָצ. נאציאָנאלע האכנאָסע; אינ 1932 יאָר — אינ 6 מאָל מער. אינ ענגלאנד האָט דער ביודזשעט ביז דער מילכאָמע באטראָפנ 8 פראָצ., אינ 1932 יאָר שוינ 28 פראָצ. אינ פראנקרייכ ביז דער מילכאָמע — 14 פראָצ., אונ איצט 25 פראָצ.; אינ איטאליע ביז דער מילכאָמע — 16 פראָצ., איצטער — 34 פראָצ. פונ דער נאציאָנאלער האכנאָסע.

אונ אויב מע זאָל פארגלייכנ דעמ וווּקס פונ די מיליטערישע הויצאָעס אינעמ אלגעמיינעמ ביודזשעט, וועט זיכ באקומענ אזא בילד: אינ פראנקרייכ איז דער פראָצענט דירעקטע מיליטערישע אויסגאבנ אינעמ אלגעמיינעמ ביודזשעט אויסגעוואָקסנ פונ 1920 יאָר ביז 1931 יאָר פונ 17 ביז 32; אינ איטאליע פונ 1929 יאָר ביז 1932 יאָר פונ 30 ביז 35; אונ יאפאָניע פונ 1929 יאָר ביז 1932 יאָר — פונ 28 ביז 37; אאוו., דערביי ווערנ דאָ געמיינט די מיליטערישע אויסגאבנ אינ ענגנ זינ פונ וואָרט. ווענ מע זאָל נאָכ נעמענ אינ אכט די הויצאָעס אופ פאָליציי, וואלטנ אינ די דאָ-

בעטנדיקע מאסנ. די הערשאפט פונ דער בורזשואזיע ווערט א בלוטי-
קער רעזשים פונ צעשיסנ ארבעטער־דעמאנסטראציעס, פויערשע אופ-
שטאנדנ, לופט־ און גאז־אטאקעס אפ די דערפער פונ די קאלאניאלע
פעלקער און מיטלאלטערלעכע אינקוויזיציעס אינ די טורמעס פונ די
אזויגערופענע פארגעשריטענע, קולטורעלע, ציוויליזירטע לענדער. די
רוסישע אקטיאבער־רעוואליוציע און דער בירגערקריג, וואס איז געווענ
נאכ איר, זיינענ לויט דער צאל קארבאנעס שוינ לאנג איבערגעשטיגנ
געווארנ דורכ דער כינעזישער רעוואליוציע און דעם קאמפ אינ דייטש-
לאנד.

אבער ניט געקוקט דערופ, וואס דער טעראר איז געווארנ דער
געוויינלעכער פארוואלטונג־מעטאד פונ דער בורזשואזיע, האט זיכ איר
ניט איינגעגעבנ צו פארפעסטיקנ איר הערשאפט. דעריבער פרווט די
הערשנדיקע אליגארכיע נאכ מער פארשטארקנ דעם מעלוכע־אפאר-

---

זיקע מעלוכעס די הויצאעס אפ דער פארגאנגענער און קומענדיקער מיל-
באמע באטראפנ 40—70 פראצ. פונעמ גאנצנ ביודזשעט. בעטעמעס א ריזיקער
וווקס פונעמ פאראזיטיזמ.

צו די דאזיקע ציפערנ דארפ מענ נאכ צוגעבנ די קאלאסאלע סומענ,
וואס די בורזשואזע רעגירונגענ גיבנ אויס אפ ראטעווענ די גרעסטע
טרעסטנ, קאנצערנענ, בענק, אפ איינצוהיטנ זייערע פראפיטנ. מיר האבנ זיכ
שוינ דערוווסט, אז אינ די פאראייניקטע שטאטנ האט די מעלוכע אינ 1933
יאר אדאנק רוזוועלטס מאסמיטלענ גענומענ אפ זיכ הויצאעס, גאראנטיעס
אינ דער גרייס פונ 15 מיליארד דאלער. אינ איטאליע אפ צו דעקנ די פאר-
לוסטנ פונ די גרויסע קאנצערנענ האט די רעגירונג געגעבנ 7 מיליארד ליר.
אינ דייטשלאנד בלויז אפ צו ראטעווענ די גרויסע בענק האט די מעלוכע
אויסגעגעבנ 1,1 מיליארד מארק.

„דאס שאפנ ארבעט“ אינ דייטשלאנד וועט קאסטנ דער „דריטער אימפע-
ריע“ 3 מיליארד 967 מיליאנ מארק. און היטלערס רעגירונג רעכנט איבער
די דאזיקע אויסגאבנ אפנ רעכענונג פונ די ביודזשעטנ פונ די קומענדיקע
יארנ. אזויארומ וועט אינ 1933 יאר אויסגעגעבנ ווערנ 700 מיליאנ מארק
פונ די ביודזשעט־האכנאסעס, וואס דארפנ אריינפליסנ אינ 1934 יאר, און
פונ די האכנאסעס פונ 1933 יאר ניט ווייניקער ווי 2 מיליארד מארק. דעם
דאזיקנ שווינדל און גנייווע פונ דער מעלוכע־קאסע רופנ זיי אנ „פארפינאנ-
סירנ“.

(פונ כ' קנוסינענס פארטראג אפנ XIII פלענומ פונעמ אויספיר-
קאמ פונ קאמינטערנ).

ראט, שאפנ אזא מעלוכע־מאכט, וואָס איז אויסגערעכנט אפנ טעראָריס־
טישנ בײַקומענ די אינערלעכע ווידערשפּרוכנ פונ דער קאפּיטאליסטישער
סיסטעם, אפ בלוטיקנ אונטערדריקנ די וואקסנדיקע רעוואָלוציאָנערע
באוועגונג, אפ מאָביליזירנ אלע קרעפטנ פונ דער קאפּיטאליסטישער
מעלוכע צום קאמף קעגנ די ארבעטנדיקע מאסנ. די נאטירלעכע
פּאָליטיק פונ דער פינאנצ־אָליגארכיע אינ איצטיקנ פעריאָד, ערעוו
דעם נייעם טור רעוואָלוציעס אונ מילכאָמעס, איז דעריבער דער
פאשיזם, דער דאָזיקער לעצטער פארצווייפלטער פרווו פונ די אמערסטע
רעאקציאָנערע, טעראָריסטישע, נאציאָנאליסטישע גרופּעס בורזשואזיע
אײַנצוהאלטנ די מעלוכע־מאכט אינ די אייגענע הענט דורכ פארשטארקנ
דעם מעלוכישנ אפּאראט פונ אונטערדריקונג, טעראָר אונ בירגערקרי־
קעגנ די ארבעטנדיקע מאסנ,—דער דאָזיקער פרווו צו געפינענ אנ אוי־
סוועג פונעמ קריזיס דורכ פארשטארקנ דאס אָרגאניזירנ א נײַע אימפּע־
ריאַליסטישע מילכאָמע פאר א נײַער איבערפארטיילונג פונ דער וועלט.

די איצטיקע פאשיסטישע כוואליע איז ניט קיינ סימענ פונ קויעכ,
נאָר א סימענ פונ שוואכקײַט אונ צעטרייסלטקײַט
פונ דער גאנצער קאפּיטאליסטישער סיסטעם,
וואָס די בורזשואזיע פרווט פארפעסטיקנ דורכ
פארגרעסערנ די מעלוכע־מאשינ אונ אריבער־
גײנ צו פאשיסטישע מעטאָדנ פונ אונטערדריקנ
די מאסנ. די בורזשואזיע גייט אריבער צו רעגירנ מיט מעטאָדנ פונ
טעראָריסטישער פאשיסטישער דיקטאטור בעשומויפנ ניט
מיטנ גוטנ ווילנ, נאָר אויס נויט. זי אָרגאניזירט פאר
זיכ א מאסנ־אָנשפּאר פונעמ קליינבירגערטום, וואָס איז צעוישעט
געוואָרנ אינ די באדינגונגענ פונעמ קריזיס, צוזאָגנדיק אימ פארפעס־
טיקנ דאס קליינע אייגנטום. זי פאָרמירט טעראָריסטישע באנדעס פונ
די נאציאָנאליסטיש־שאָוויניסטישע עלעמענטנ. שליסט אײַנ אינ מעלו־
כע־אפּאראט די דאָזיקע פאשיסטישע באנדעס, אונ, שטיצנדיק זיכ אפ
זיי, הייבט זי אָנ א בירגער־קריג קעגנ דעמ ארבעטער־קלאס, ווײַל איר
אלטער, נאָרמאלער אפּאראט קאָנ זיכ שוינ ניט
ספּראוועג מיט דער פונקציע פונ דערשטיקנ די
אונטערדריקטע קלאסנ. זי פארניכטעט די בורזשואזע
געזעצלעכקײַט, ווײַל אפ די ארבעטער־מאסנ האט אופּגעהערט צו ווירקנ

דער פּרעסטיזש פון דער בורזשואזער מעלוכישער מאכט און געזעץ, ווייל די איליוזיעס וועגן דער מעגלעכקייט פון א פרידלעכער אנט־וויקלונג פונעם קאפּיטאליזם און פון א דעמאָקראטישן וועג צום סאָציאַליזם פארשווינדן, ווייל עס דערנענטערן זיך די אנטשיידנדיקע שלאכטן, ווייל די בורזשואזיע איז געשטעלט געוואָרן פאר דער אומ־פארמיידלעכקייט פון אויסערסט שווערע, געפערלעכע פאר איר מיל־כאָמעס, ווייל דער פּארלאמענטאריזם איז שוין ניט אימשטאנד צו באוואָרענען די באשיצונג פונעם קאפּיטאליזם קעגן דער וואקסנדיקער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג און קעגן דער צוגרייטונג פון א מילכאָמע פאר איבערפארטיילן די מערק צווישן די אימפּעריאליסטן. זי הייבט אָן ארייַנצומישן זיך אין דער ווירטשאפטלעכער טעטיקייט, דורכפירן די אזוי־גערופענע מעלוכיש־קאפּיטאליסטישע מאָסמיטלען, ווייל די גאנצע סיסטעם פונעם קאפּיטאליזם איז אונטערגעריסן, ווייל דער קראך פון א באזונדערן באנק אָדער טרעסט הייבט אָן צו באדראָען מיט א קראך פאר דער גאנצער מעלוכע. דעריבער איז קיין שום וווּנ־דער ניט, ווען אזא פינאנץ־קאפּיטאליסטישע רעגירונג, אזא ארכי־רעאקציאָנערע רעגירונג, ווי היטלערס אָדער מוסאָליניס פאשיסטישע רעגירונג, פּרוּווט פאריינציקן די בענק אָדער רעדט וועגן פארמעלוכישן זיי. דאָס איז ניט קיין שריט צום סאָציאַליזם, דאָס איז א פּרוּוו צו ראטעווען די מאכט פונעם פינאנץ־קאפּיטאל פון א פולשטענדיקן באנקראָט.

אָבער דער זיג פונעם פאשיזם ווערט אומפארמיידלעך און מעגלעך בלויז דאָרטן, וווּ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, מיט איר סיסטעם צענט־ראליזירטע מאסעווע ארבעטער־אָרגאניזאציעס, האָט זיך איינגעגעבן אָפּצוהאלטן אירע פּראָלעטארישע אָנהענגער פונעם רעוואָלוציאָנערן איינהייטלעכן פראָנט מיט די קאָמוניסטן, ניט דערלאָזן, ניט געקוקט אויפן טיפסטן קריזיס, אַז די קאָמפּארטיי זאָל אָפּ איר זייט דעראָבערן די מערהייט פונעם פּראָלעטאריאט און צוזאמען דערמיט שטערן די דערפאָלגן פונעם קלאסן־קאמף פונעם פּראָלעטאריאט און דערמיט דיסקרעדיטירן דעם מארקסיזם און דעם קלאסנקאמף אין די אויגן פון די ברייטע מאסן שטאָטישן קליינבירגערטום און פויערטום. דער פאשיזם קאָן ניט זיין אין קיין לאנד אָן דער די־רעקטער הילף און שטיצע פון דער סאָציאַל־דעמאָ־

קראַטיע, וואָס אינ משך פונ א לאַנגנ פעריאָד שפּאַלט זי, האַלט אָפּ דעמ פּראָלעטאַריאַט פונ קאַמפ, שוואַכט אָפּ זיינ שלאַכטפעיִקייט דורכ פּאָליצייִשע געוואַלדטאַטנ, טעראָר אונ שווינדל, וואָס גיט אימ ארויס אינ די הענט דעמ פאַשיזמ.

## דער פאַשיזמ אונ די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע

וואָס מער עס זיינענ אָרגאַניזירט די מאַסנ, וואָס שווערער עס איז די לאַגע פונעמ קאַפּיטאַליזמ, אלצ גיכער אונ פולער פירט דורכ די פאַשיסטישע דיקטאַטור די ליקווידאַציע פונ אלע ניטפאַשיסטישע אָדער ניט איינגאַנצנ פאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, אלצ אינ א גרעסער־רער מאָס נייטיקט זי זיכ אינ די אַזוינע מעלוכע־קאַפּיטאַליס־טישע מאָסמיטלענ אונ אינ א "קאָרפּאָראַטיווער" סיסטעמ. מוסאָליני האָט אינ איטאַליע דורכגעפירט די ליקווידאַציע פונ די בורזשואַזע פּאַרטייענ ביסלעכווייז, ווייל זייער עקזיסטענצ האָט ניט צו שטאַרק געשטערט פאַרווירקלעכנ די פאַשיסטישע דיקטאַטור. מוסאָליני האָט ביז א צייט געדולדעט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווייל אינ איטאַליע האָט זי געשפּילט א פאַרהעלטנישמעסיק ניט קיינ גרויסע ראָליע. ער האָט זי פאַרניכטעט, ווענ די פאַשיסטישע דיקטאַטור איז אריינגעפאַלנ אינ איר ערשטנ שאַרפנ קריזיס. היטלער איז געקומענ צו דער מאַכט אינ א לאַנד, וואָס «dûrchorganisiert», איז א לאַנד, אינ וועלכנ מע קאָנ ניט פאַרשטאַרקנ די צענטראַליזאַציע פונ דער אָנפירונג, ניט פאַר־ניכטנדיק אלע בורזשואַזע פּאַרטייענ אונ אָרגאַניזאַציעס, אינ וועלכנ מע קאָנ ניט באַזייטיקנ דעמ ווילדנ קאַמפ, וואָס שוואַכט אָפּ די בורזשואַזיע, צווישנ פאַרשיידענע אירע גרופּנ פאַר פאַנאַנדערטיילנ דעמ ביילעק מערווערט, וואָס ווערט אלצ קלענער אונ די מאַסע רעווענ, וואָס פאַרקלענערט זיכ, דעמ קאַמפ דערפאַר, אז די מעלוכע זאָל דעקנ די פאַרלוסטנ פונ באַזונדערע קאַפּיטאַליסטישע גרופּנ, — אינ א לאַנד, ווו מע קאָנ דעמ דאָזיקנ קאַמפ צווישנ פאַרשיידענע בורזשואַזע גרופּנ ניט באַזייטיקנ, ניט פאַרניכטנדיק זייערע גרופּאַווע פאָרשטייערשאַפטנ (פּאַרטייענ, אָרגאַניזאַציעס). היטלער איז געקומענ צו דער מאַכט אינ

נ לאנד, ווו דער ארבעטער־קלאס איז אָרגאניזירט מער ווי אינ וועלכנ ניט איז אנדערנ לאנד. אָבער די פּראָפעסיאָנעלע פאריינענ פונעמ דייטשישנ פּראָלעטאריאט, וואָס זייער אָנפירונג האָבנ פארכאפּט די סאָציאַל־דעמאָקראטנ, האָבנ שוינ פונ לאנג אויפגעהערט צו זיינ קלאַסעווע קאמפ־אָרגאניזאציעס. די סאמע גרעסטע פּארטיי, וואָס פירט נאָכ זיכ די מערהייט פונעמ פּראָלעטאריאט, איז געוואָרנ די סאָציאַל־פאשיסטישע. די קאָמוניסטישע פּארטיי, גיט געקוקט אפנ שנעלנ וווּקס פונ איר ווירקונג, האָט נאָכ ניט באוויזנ אונטערצורייסנ די ווירקונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע.

דער ארבעטער־קלאס איז ניט פייִק צו וועלכע ניט איז אקציעס אָנ זיינ רעוואָלוציאָנערער קלאסעווער אָנפירונג. קעדיי דער ארבעטער־קלאס זאָל קענענ האנדלענ רעוואָלוציאָנער, דארפ ער זיינ פאראייניקט ארומ זיינ רעוואָלוציאָנערער פּארטיי. וויבאלד די קאָמוניסטישע פּארטיי האָט נאָכ ניט געהאט הינטער זיכ די מערהייט ארבעטער־קלאס, איז דער גורל פונעמ דייטשישנ פּראָלעטאריאט געווענ אָפּהענגיק פונ דער אָנפירונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע.

קעדיי צו אונטערדריקנ דעמ ארבעטער־קלאס, האָט דער פאשיזמ געשטעלט פאר זיכ די אויפגאבע פריער פאר אלצ צו פארניכטנ די קאָמוניסטישע פּארטיי. אָבער בא דער שארפקייט פונ דער לאגע, וואָס איז געווענ אונ איז אינ דייטשלאנד, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראטישע פּארטיי אונ באזונדערס די פּראָפפאריינענ געקאָנט ווערנ א רעזערוואר פאר דער אויפזאמלונג פונ די עלעמענטנ, וואָס זיינענ אומצופרידנ מיטנ פאשיזמ. אזא רעזערוואר איז שוינ אינ מארט געוואָרנ יעדע אָרגאניזאציע, אפילו אזא רעאקציאָנערע אָרגאניזאציע, ווי „שטאָלהעלמ". דעריבער, קומענדיק צו דער מאכט, ווייל די סאָציאַל־דעמאָקראטיע איז געווענ נאָכ *גענוג שטארק*, קעדיי מיט דער סיסטעמ פונ אירע צענטראליזירטע אָרגאניזאציעס אפּצוהאלטנ די מאסנ פונעמ ווידערשטאנד קעגנ דער אָנגרייפנדיקער פאשיסטישער דיקטאטור, אָבער שוינ *ניט גענוג שטארק*, קעדיי צו זיכערנ מיט איר אונטערשטיצונג די פעסטקייט פונ דער קאפּיטאליסטישער סיסטעמ, — *האָט דער פאשיזמ אוועקגעהארגעט דעמ דאָזיקנ געהילפ זיינעמ — די סאָציאַל־דעמאָקראטיע*, האָט צעקלאפּט די סאָציאַל־דעמאָקראטישע אָרגאניזאציעס, קעדיי צו פארוואנדלענ דעמ

ארבעטער־קלאַס אין שטויב, קעדיי אַליין מאַכן אַ פּרוּוו צו שטעלן זיך בעראָש פון די רעזאָרגאַניזירטע ארבעטער־מאַסן, וואָס האָבן פאַרלאָרן זייערע אָרגאַניזאַציעס, איינשליסן זיי אין דער סיסטעם פון דער פאַשיסטישער מעלוכע, אָדער, אויב דאָס וועט זיך ניט איינגעבן, לעכאַלעפּאָכעם צעשטויבן זיי.

די טעמפּן, מיט וועלכע די דײַטשישע פאַשיסטן האָבן דורכגעמאַכט די גאַנצע פּראָצעדור פון אויספיצירן אַלע בורזשואזע פּאַרטייען און קאַפּיטאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און די רעפאָרמיסטישע און קריסטלעכע פּראָפאַריינען, — די דאָזיקע טעמפּן דערקלערן זיך ניט דערמיט, וואָס היטלער האָט זיך וואָס ניט איז אויסגעלערנט בײַ מוסאָליני, נאָר, ערשטנס, דערמיט, וואָס היטלער איז געקומען צו דער מאַכט אין די באַדינגונגען, ווען דעם דײַטשישן קאַפּיטאַליזם האָט געקאָנט צײַטווײַליק ראַטעווען בלויז אַ טייקעפּדיקע אונטערוואַרפונג פון אַלע זײַנע טיילן צו דער ווילד־צענטראַליזירטער דיקטאַטורישער מאַכט פון דער פאַשיסטישער מעלוכע, צווייטנס, דערמיט, וואָס אין דײַטשלאַנד האָט די פּאַרלאַמענטאַרישע סיסטעם און צוזאַמען מיט דעם די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט זיך פון 1918 יאָר באַטייליקט אין דער רעגירונג, באַנקראָטירט און איז פאַרפוילט געוואָרן מער, ווי אין יעטווידער אַנדערן לאַנד. די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז געווען מאַסקים אַף אַלץ, זי האָט אַליין דערלאָזן היטלערן צו דער מאַכט, אָבער דער פאַשיזם האָט אַ פאָדער געטאָן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אַזאַ דאָזע נאַציאָנאַליזם און שאָוויניזם, אַזאַ אונטערוואַרפן זיך דעם ווילן פון פינאַנץ־קאַפּיטאַל, וואָס וואָלט אַלציינס באַטײַט אַ פאַרניכטונג פון אירע אָרגאַניזאַציעס, אַן אוניפיקאַציע, אַ צונויפגיסונג מיט די נאַצי, און דערום האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, קאָלזמאַן די אימפּעריאַליסטישע מילכאָמע האָט זיך נאָך ניט אָנגעהויבן, ניט געקאָנט פירן איר אָרגאַניזאַציע, האַגאַם זי האָט זיך געפּרוּווט. דאָס ווייזט וועלס אַוועקגיין פונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל אין אָנהייב מאַרץ 1933 און דאָס שטימען פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פראַקציע דעם 17־טן מיי 1933 אין רייכסטאַג פאַר היטלערס פּאָליטיק. היטלער האָט זיך בעפירעש געיילט. די גאַנצע סיטואַציע אין דײַטשלאַנד, די קאַטאַסטראָפאַל שווערע לאַגע פונעם דײַטשישן קאַפּיטאַליזם האָט אים געצווּנגען

זיכ צו איילנ. דעריבער האָט ער געמוזט פֿאָדערנ פֿונ דער סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע, פֿונ דער דאָזיקער איבערײַפֿער פֿרײַלנ, מער, וויפֿל זי האָט געקאָנט געבנ, און ווענ זי האָט ניט געקאָנט באַפֿרידיקנ זײַנע פֿאַר־לאַנגענ — טויטנ זי. די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אונטער־געגאַנגענ, ווי א פּאַרטיי, אויסשפּילנדיק ביזנ סאָפּ איר ראָליע פֿונ א באַצאָלטער געליבטער פֿונ דער דײַטשישער בורזשואַזיע, באַפֿרידיקנדיק לויט אירע קויכעס אַלע פֿאַרלאַנגענ פֿונ אַלע אירע באַלעבאַטימ, אָנהייבנדיק פֿונ דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ביז דער פּאַרטיי נאַ־ציאָנאַל־סאָציאַליסטנ אײַנגעשלאָסנ.

אַגעוו, איז דאָס מער געווענ ענלעכ צו זעלבסטמאָרד, ווי צו א מאָרד, וואָרעמ די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווי עס האָט ריכטיק געשריבנ כ׳ העקערט אינ זײַנ אַרטיקל „וווּהינ גייט דײַטשלאַנד“, איז אומגע־קומענ ניט דערפֿאַר, וואָס היטלער האָט זיכ אַרויסגעוויזנ שטאַרקער, די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז אומגעקומענ דערפֿאַר, וואָס זי האָט פּאָליטיש און מאָראַליש זיכ דערהאַרגעט, אָפּ־זאָגנדיק זיכ פֿונ יעדנ קאַמפּ קעגנ פֿאַשיזמ, קאַ־פּיטולירנדיק פֿאַרנ פֿאַשיזמ, מאַסקימ זײַענ־דיק אַריבערצוגיינ אַפֿ דינסט צו אימ.

דער פֿאַקט, אַז די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט באַנקראָ־טירט, איז אַפֿילע פֿאַרנ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל, אַפֿילע פֿאַר זײַנע טעאָרעטיקער, פֿאַר זײַנע פּובליציסטנ אַפּ אַזוי פֿיל באַשײַמפּערלעכ, אַז יעדער פּרווו אָפּצולייקענענ דאָס וואָלט אויסגעזעענ לעכערלעכ. אָבער אָנערקענענדיק דעמ באַנקראָט פֿונ דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע, ווילנ די אַנדערע פּאַרטייענ פֿונעמ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל באַהאַלטנ זייער אייגענעמ באַנקראָט. זיי ווילנ באַהאַלטנ דעמ פֿאַקט, אַז זיי האָבנ פֿאַרלאָרנ זייער פּאָליטישע ליניע, אַז זיי האָבנ זיכ אַרויסגעוויזנ אָנ א רודער און אָנ א זעגל, זיי ווילנ דערפֿירנ די זאַכ דערצו, אַז עס האָט, קלוימערשט, באַנקראָטירט בלויז די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אַז שולדיק זײַנענ די באַזונדערע באַדינגונגענ, אינ וועלכע עס האָט זיכ געפֿונענ דײַטשלאַנד, אַז שולדיק זײַנענ די פֿעלערנ פֿונ דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און ניט די ליניע פֿונעמ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל, ניט דאָס, וואָס זיי זײַנענ געוואָר־

סאָציאַל־פאַשיסטנ. אונ לויט אונדזער מיינונג, באַשטייט די גאַנצע זאַכ דעריג, וואָס זיי זײַנענ געוואָרנ סאָציאַל־פאַשיסטנ.

אָבער די דאָזיקע קריטיק מיצאַד דעמ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל קעגנ דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איר קאַטאַסטראָפע, איר באַנקראָט איז ניט ניי; וועלס האָט געטאָנ דאָס זעלבע, אָבער ווייניקער געלונגענ אונ מיט אַנדערע רעזולטאַטנ, וואָס עס האָט פריער געטאָנ מאַקדאָנאַלד. דאַנ האָבנ וועלס אונ וואַנדערוועלדע קריטיקירט מ אַ ק־ד אָ נ אַ ל ד נ. איצט האָבנ וואַנדערוועלדע, בלום, הענדערסאָנ אונ באַוער קריטיקירט ו ע ל ס נ. מאַקדאָנאַלד האָט געשפּאָלטנ די ענגלי־שע לייבאָריסטנ, איז אָפּנ אַריבער אַפּ דער זײַט פונ דער בורזשואַזיע, איז געבליבנ אַ קיניגלעכער מיניסטער. ער האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר ניט־גייטיק. וועלס האָט זיכ אַרויסגעוויזנ פאַר ניט־גייטיק. אימ האָט מענ פאַרטריבנ. צווישנ וועלסנ אונ וואַנדערוועלדענ האָט זיכ דער־איניקע פאַרענדיקט מיט אַ צײַטווײַליקנ שאָלעמ, ווײַל וועלס האָ ט נ י ט געקאָ נ ט אײַנשליסנ זיכ אינעמ דײַטשישנ נאַציאָנאַלנ פראָנט אונ ע ר  א י ז  ג ע ו ו ע נ  ג ע צ ו ו ו נ ג ע נ אומצוקערנ זיכ אינ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל. עס איז דאָכ געווענ אַזוי: אוועק פונ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל, געגאַנגענ צו היטלער, נ י ט  צ ו ג ע נ ו מ ע נ, מע האָט געזאָגט: דינ בעסער אינעמ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל, — זיכ אומגעקערט אינ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל, צ ו ג ע נ ו מ ע נ.

„באַשולדיקנדיק” די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דעריג, אַז די דײַטשישע רעוואָליוציע פונ 1918 יאָר האָט „ניט פאַרענדיקט די היס־טאָרישע אויפגאַבנ פונ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר, — אַזעלכע אויפגאַבנ, ווי פאַרוואַנדלענ די האַלב־אַבסאָליו־טיסטישע מעלוכע אינ אַ דעמאָקראַטישער מעלוכע, ווי פאַרענדיקנ די אָנגעהויבענע אינ 1789 יאָר אינ פראַנקרײַכ בורזשואַזע אַגראַרע רעוואָליוציע קעגנ פעאָדאַליזמ דעמ גענעראַלנ אָנגריפ קעגנ די יונקערס, וואָס האָבנ ווײַטער געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אינ דעמ ווײַמאַרער דײַטשלאַנד”, — אַריבערוואַרפנדיק די שולד אַפּ „די באַזונדערע באַ־דינגונגענ פונ דער רעוואָליוציע פונ 1918 יאָר”, וואָס האָבנ קלוי־מערשט „פאַרשוועריקט דעמ איבערגאַנג פונ די אויפגאַבנ פונ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע צו לייזנ די אויפגאַבנ פונ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע”, באַשולדיקנדיק די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע

פֿון דײַטשלאַנד הערינג, אַז „זי האָט ניט באַוואָרנט די פֿעסטקייט פֿון דעם דעמאָקראַטישן רעזשים אין דײַטשלאַנד און האָט איבערגעגעבן די מאַכט היטלערן", — ווילן די טעאָרעטיקער פֿונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, וואָס קריטיקירן די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ראַטעווען די אַזוי־גערופֿענע „ערע" פֿון דעם אַזוי־גערופֿענעם „דעמאָקראַטישן סאָציאַליזם". עס זאָל כאָטש בלײַבן אַן אויסערלעכער אײַנדרוק, אַז ניט דער גאַנצער סטראַטעגישער פּלאַן זייערער האָט באַנקראָטירט, ראַטעווען ווי ניט איז דאָס לעבן פֿונעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. דערקלערנדיק די מאַפּאָלע פֿון זייער אָנפֿירנדיקער פּאַרטיי, וואָס האָט צו שאַנד געמאַכט זייער טאַקטיק און סטראַטעגיע, מיט די ספּעציפֿישע באַדינגונגען פֿון דײַטשלאַנד, ווילן זיי אײַנהיטן הינטער זיך די מאַסן פֿון אַנדערע לענדער, ראַטעווען די באַנקראָטירטע פֿירער און סיסטעם, ראַטעווען און ווידער לעבעדיק מאַכן די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

אָבער די האָזיקע אַלע פּרוּוון צו דערקלערן די קאַטאַסטראָפֿע פֿון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי זײַנען אַבסאָליוט באַנקראָט. געוויס איז ריכטיק, אַז די רעוואָלוציע פֿון 1918 יאָר האָט ניט פֿאַרענדיקט די בורזשואַז־דעמאָקראַטישע רעוואָלוציעס פֿון 1848 און 1789 יאָרן, ריכטיק איז, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט, צעגראַמירנדיק די האָזיקע רעוואָלוציע, אויפֿגעבויט די ווײַמאַרער קאָנסטיטוציע איבערן יונקערשן ערד־באַזיץ, האָט פֿאַרקאָנסערווירט דאָס יונקערטום און דאָס האָהענצאָלערנשע אָפֿיצערנטום, באַוואָרענענדיק זיי מיט פּענסיעס. געוויס איז ריכטיק, אַז אין 1918 יאָר איז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט אַוועק מיטן וועג פֿון אַ סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, האַנאַם אַלע באַדינגונגען פֿאַר איר זײַנען געווען, נאָר זי האָט אין בונד מיט די יונקערס און מיטן אָפֿיצערנטום צעגראַמירט די סאָציאַליסטישע רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך געהאַט אָנגעהויבן. אָבער דאָס איז נאָך ווײַט ניט אַלץ.

עס האַנדלט זיך אין דער לעצטער שורה הערינג, וואָס די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פֿון 1918 יאָר פֿאַרווירקלעכט די דיקטאַטור פֿון דער בורזשואַזיע אין דער פֿאָרם פֿון דער ווײַמאַרער רעפּובליק, וואָס האָט אין די באַדינגונגען פֿונעם אַלגעמיינעם קריזיס פֿונעם קאַפּיטאַליזם, באַזונדערס אין אַזאַ לאַנד, ווי דײַטשלאַנד, וואָס איז אַזוי באַזיגט געוואָרן אין דער אימפּעריאַליסטישער מלחמה, ניט

געקאָנט ניט זײַנ קײנ אנדער זאכ, ווי איר רעאקציאָנערע דיקטאַטור. עס האָפֿט זיכ דעריב, אַז קעמפֿנדיק קעגנ אַלע ווירקלעכ רעוואָליוציאָנערע קרעפֿטנ פֿונעמ לאַנד, געבנדיק פֿולשטענדיקע פֿרײַהײט די פֿאשיסטנ און צעקלאַפּנדיק די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער-אָרגאַניזאַציעס, האָט די דײַטשישע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צוגעפֿירט דעמ דײַטשישנ פּראָלעטאַריאַט אונטער דער פֿאשיסטישער דיקטאַטור. אָנ דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט אינ דײַטשלאַנד ניט געווענ קײנ פֿאשיזמ. אָנ דער דירעקטער הילפֿ פֿונ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע קאָנ ניט די בורזשואַזיע אײַנשטעלנ די פֿאשיסטישע דיקטאַטור, קאָנ ניט רעגירנ מיטנ לאַנד.

## ווענ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט אינ 1932 יאָר...

מיט דרײַ יאָר צוריק האָט דער ברעסלויער „לינקער" סאָציאַל-דעמאָקראַט מ י ל ע ר אָנגעשריבנ א פֿאַנטאַסטישנ ראָמאַנ „ווענ מיר וואָלטנ אינ 1918 יאָר", ד.ה. וועגנ דעמ, ווי וואָלטנ זיכ אַנטוויקלט די געשעענישנ, ווענ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט אינ 1918 יאָר געווענ א רעוואָליוציאָנערע פּאַרטײַ. מיר וואָלטנ איצט געקאָנט שילדערנ אַנ אוטאָפּיע, וואָס וואָלט געווענ, ווענ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט אינ יונ 1932 יאָר געוואָלט באַשיצנ די ווײַמאַרער „דעמאָקראַטיע", ניט מער. מיר האָבנ דאָנ פֿאָרגעלײגט די סאָציאַל-דעמאָקראַטנ א אײנהײַטלעכנ פֿראָנט אָפּ צו פּראָקלאַמירנ אַנ אַלגעמײנעמ שטרײַק. די ארבעטער-מאַסנ זײַנענ געווענ פֿאַר אַנ אַלגעמײנעמ שטרײַק. זײ האָבנ בלויז געוואַרט אָפּ די אָנווײַזונגענ פֿונ די פּראָפֿאַרײַנענ און פֿונ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטײַ. די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע ארבעטער האָבנ זיכ ניט אָנטשלאָסנ נאָכצופֿאָלגנ דעמ רופֿ פֿונ די קאָמוניסטנ און גײנ קעגנ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. ווענ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וואָלט אָנגענומענ דעמ פֿאָרשלאָג פֿונ די קאָמוניסטנ וועגנ אײנהײַטלעכנ פֿראָנט פֿאַר אַנ אַלגעמײנעמ שטרײַק, ווענ זי וואָלט כאָטש אויסגענוצט איר מעלוכע-אַפּאַראַט פֿאַר א ווידערשטאַנד קעגנ דער פֿאשיסטישער איבערקערעניש אינ פּרײַסנ, וואָלטנ די פֿאשיסטנ געווענ געצווּנגענ אָפּצוטרעטנ. די קלײנבירגערלעכע און פּויערישע מאַסנ וואָלטנ

זיכ א קער געטאָנ צו דער רעוואָליוציע. ניט האָבנדיק די מעגלעכקײט צו נעמענ די מאכט וואָלטנ זיכ די פאשיסטנ צעפאלנ. זײנענ דאָכ די צעפאלונג־דערשײנונגענ אינ אויגוסט 1932 יאָר געווענ זייער שטארק, ניט געקוקט דערופ, וואָס פרײסנ האָט זיכ שוינ געפונענ אינ די הענט פונ פאפענס קאָמיסארנ. די קאָמוניסטנ זײנענ געווענ גרייט צום קאמפ. דעם קאמפ האָבנ אראָפגעריסנ די סאָציאַל־דעמאָקראטנ. אינ יאנוואר 1933 יאָר איז שוינ די לאגע געוואָרנ ערגער, אָבער די סאָציאַל־דע־מאָקראטיע איז נאָכ אלצ געווענ שטארקער פונ די פאשיסטנ. ווענ די סאָציאַל־דעמאָקראטנ וואָלטנ אונטערגעהאלטנ די יאנוואר־דעמאָנ־סטראציע פונ די קאָמוניסטנ קעגנ דעם פאשיזם אינ בערלינ, וואָלט היטלער ניט געהאט די כוצפע צו קריכנ צו דער מאכט. ווענ נאָכ אפילע דעם 30 יאנואר 1933 יאָר וואָלט די סאָציאַל־דעמאָקראטיע אָנגענומענ דעם פאָרשלאָג פונ די קאָמוניסטנ וועגנ אַנ אַלגעמיינעם שטרײק, וואָלט פראָקלאמירט אַנ אַלגעמיינעם שטרײק, אונ וואָלט ניט אײנגעהאלטנ די מאסנ פונ שטרײק, וואָלט ניט אראָפגעריסנ דעם אַל־געמיינעם שטרײק, וואָלט היטלער געקאָנט צעקלאפט ווערנ דורכ די פארייניקטע קרעפטנ פונעם גאנצנ פראָלעטאריאט, ניט געקוקט דע־רופ, וואָס אלע טערמינענ זײנענ שוינ געווענ דורכגעלאָזנ, וואָס דער נאציאָנאליסטישער אומפרײס איז שוינ געווענ א פאקט.

ווי לאנג וואָלט זיכ נאָכ אזא שטרײק אײנגעהיט די ווײמארער רעפובליק — דאָס וואָלט געווענ אָפּהענגיק פונ די ארבעטער־מאסנ גופע. די קאָמוניסטנ וואָלטנ ווײטער געפירט דעם קאמפ פאר דער מערהײט ארבעטער־קלאס מיט נאָכ מער ענערגיע. זיי וואָלטנ געוויזנ די מאסנ, אז דער אויסוועג פונעם קריזיס איז בלויז אינעם סאָציאַ־ליזם, אז ענדגילטיק באזיגנ די פאשיסטנ קאָנ מענ בלויז אײנשטעלנ־דיק די דיקטאטור פונעם פראָלעטאריאט. אָבער אזא שלאכט־בונד קעגנ היטלערנ וואָלט נאָכ ניט באטײט קיינ סאָציאַליסטישע רעוואָ־ליוציע, אזוי לאנג ווי די מערהײט ארבעטער־קלאס איז ניט געגאנגענ נאָכ די קאָמוניסטנ. דאָס וואָלט געווענ א מינ קאמפ קעגנ דער „קאָר־ניליאָוויאדע". די דײטשישע קאָמוניסטנ וואָלטנ געקעמפט צוזאמענ מיט די סאָציאַל־דעמאָקראטישע ארבעטער קעגנ היטלערס באנדעס אונ דעם „שטאָלהעלמ", דעמאסקירנדיק אײנצײטיק די שוואכקײטנ, די וואקלונגענ פונ בראונ־זעווערינג, דעמאסקירנדיק זייערע פרוווג צו

פארשטענדיקנ זיכ מיט היטלערנ, צוגרייטנדיק דאָס שאפנ באַדינגונגענ, בא וועלכע דער פּראָלעטאריאט וואָלט ווירקלעכ געקאָנט נעמענ די מאכט אינ זײנע הענט.

אָבער די דײטשישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע האָט אָפּגעהאלטנ די מאסנ פונ קאמפ, האָט קאפּיטולירט אָנ קאמפ פאר היטלערנ, האָט אפילע באגריסט היטלערנ, ווי אַנ אָפּשטאמענדיקנ פונ דער ארבעטער-סוויווע. דאָס האָט זי אלײנ ענדגילטיק פארניכטעט די וויימארער רעפּובליק אונ האָט דערהארגעט זיכ אלײנ.

אונ אזוי קומט פאָר ניט בלויז אינ דײטשלאנד.

אינ שפּאניע האָט נאָכ דער אפּרעל-רעוואָליוציע פונ 1931 יאָר געשטעלט זיכ בא דער מאכט די סאָציאַל-דעמאָקראטיע אינ א קאָאליציע מיט די בורזשואזע פּארטייענ. שטעלנדיק זיכ בא דער מאכט, איז די שפּאנישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע אינגאנצנ אונ פולשטענדיק אוועק מיטנ קאָנטר-רעוואָליוציאָנערנ וועג פונ דער דײטשישער סאָציאַל-דעמאָקראטיע. די שפּאנישע קאָאליציע-רעגירונג, שטיצנדיק זיכ אפנ אלטנ מעלוכע-אפּאראט פונ דער מאָנארכיע, אפ איר ציווילער גווארדיע, פּאָליציי אונ ארמיי, האָט אָנגעהויבנ א קאמפ קעגנ די ארבעטערשע אונ פּויערשע מאסנ, וואָס האָבנ געקעמפט פאר ברויט, פאר סאָציאַלער פארזיכערונג, פאר א זיבנ-שעָיקנ ארבעט-טאָג, פאר ערד די פּויערים, פאר רעכט אפ זעלבסטבאשטימונג פאר די אונטערדריקטע פעלקער. די פעאָדאלע פּריצים, מאָנאסטירנ, קלויסטערס היטנ אײנ זייערע רעכט, די פעאָדאלע רעשטלעכ פונ לײבייגנשאפט אונ מיטלאלטער בלײבנ עקזיסטירנ. קײנ אײנ רעוואָליוציאָנער מאָס-מיטל איז ניט דורכגעפירט. קײנ אײנ בורזשואז-פּריצישע שלאכט-אָרגאניזאציע איז ניט אנטוואָפנט, עס איז גאָרניט געטאָנ געוואָרנ צו אָרגאניזירנ א ווידערשטאנד די קויכעס פונ דער קאָנטררעוואָליוציע. אָבער די קאָמפּארטיי ווערט פארפאָלגט, איר פּרעסע ווערט געשלאָסנ. די רעוואָליוציאָנערע ארבעטער אונ פּויערים ווערנ פארפאָלגט. אונ עס איז קײנ שום וווּנדער ניט, וואָס אדאנק אזא פּאָליטיק פונ דער סאָציאַל-דעמאָקראטיע קערנ זיכ אום די מאסנ צו איר מיט דער פלייצע, וואָס בײם די נאָרוואָס פארענדיקטע וואלנ האָט די שפּאנישע סאָציאַל-דעמאָקראטיע געליטנ א גאָר גרויסע מאפּאָלע.

די שפּאַנישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע קריטיקירט אויכ די אופּירונג־ליניע פונ דער דײַטשישער, אָבער זי גייט מיט דער זעלבער ליניע, וואָרעמ קיינ אַנדער ליניע קאָנ בײַ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ניט זײַנ, מיט וואָס פאַר אַ לינקע פּראַזנ זי זאָל זיכ ניט פאַרדעקנ. די שפּאַנישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וועט פּונקט ווי די דײַטשישע אָפּגעבנ די מאַכט די פאַשיסטנ, אויב די שפּאַנישע קאָמוניסטנ וועלנ מיט אַ שנעלנ טעמפּ ניט איזאָלירנ זי פונ די מאַסנ.

אינ עסטרײַכ האָט אָטאָ באַוער ניט איינ מאָל געשריבנ, אַז די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט קלוימערשט ניט געקאָנט נעמענ אינ 1918 יאָר קיינ קורס אויפ דעראָבערנ דעמ סאָציאַליזמ, ווײַל עסטרײַכ איז אַ קליינ לאַנד אונ וואָלט טײַקעפּ צעגראַמירט געוואָרנ דורכ די אינטערווענטנ, אויב עס וואָלט געפּרווט אַרויסטרעטנ קעגנ דעמ קאַפּיטאַליזמ. אָבער אָטאָ באַוער וויל באַהאַלטנ דעמ פאַקט, אַז אויכ אינ עסטרײַכ, ווו ער איז געווענ בײַ דער מאַכט, איז ניט נאָר גאָרניט פאַרגענומענ געוואָרנ אויפ אײַנצושטעלנ דעמ סאָציאַליזמ, נאָר עס זײַנענ אויכ ניט געוואָרנ אויסגעפילט ביזנ סאָפ די אויפגאַבנ פונ דער בורזשואַז־דעמאָקראַטישער רעוואָליוציע, עס איז ניט פאַרניכטעט געוואָרנ די ווירקונג ניט פונעמ יונקערטומ, ניט פונעמ האַבסבורגער אָפּיצערנטומ. קריטיקירנדיק די דײַטשנ, וויל אָטאָ באַוער באַהאַלטנ, אַז ער האָט שוינ דעמ 1־טנ דעקאַבער 1929 יאָר געהאַט עפּעס אַ מינ פרײַסישנ 20 יול, אַז די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, צודעקנדיק זיכ מיט ראַדיקאַלע פּראַזנ, האָט טריט נאָכ טריט אָפּגעטראָטנ אונ טרעט אָפּ דאָס אָרט פאַר דער פאַשיסטישער דיקטאַטור, אַז די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע רײַסט אַראָפּ דעמ קאַמפּ פונעמ עסטרײַכישנ פּראָלעטאַריאַט קעגנ דעמ אָנגרײַפנדיקנ אויסטראָ־פאַשיזמ, פּונקט ווי דאָס האָט אינ מעשעכ פונ פיל יאָרנ געטאָנ די דײַטשישע. אָטאָ באַוער פאַרגעסט, אַז נאָכ מיט פיר יאָר צוריק האָט זײַנ נאָענטער פרײַנט אונ כאַווער, אויכ אַנ אויסטראָמאַרקסיסט, קאַרל רענער, דערוויזנ, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ, דיסקוטירנדיק די איטאַליענישע לעקציע, האָרפנ פּרווונ צוזאַמענאַרבעטנ זיכ מיט די פאַשיסטנ, אָפּזאָגנדיק זיכ פונ פּאַרלאַמענטאַרישער טעטיקײַט, קעמפנ פאַר אײַנהאַלטנ זייערע ערטער אינ מעלוכע־אַפּאַראַט. אַזוי אַרומ, האָט קאַרל רענער שוינ מיט פיר יאָר צוריק טעאָרעטיש באַגרינדעט די

עקלהאפטע פאָליטיק, וואָס לעבע און קינסטלער האָבן דעם 17־טן מײַ 1933 יאָר דורכגעפירט אין דײַטשישן רײַכסטאַג. דאָס טאָר מען ניט פאַרגעסן.

אַדאַנק דער דאָזיקער פּאָליטיק איז די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַר די לעצטע יאָרן באַדײַטנדיק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אָבער זי איז נאָך הײַנט אַן אַן ערעך שטאַרקער פאַרן עסטרײַכישן פאַשיזם. אויב זי וואָלט געוואָלט אויסנוצן די קראַפט פון די עסטרײַכישע אַרבעטער, וואָס גייען נאָך איר, וואָלטן די אווסטראָפאַשיסטן פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דער ערד. בײַ די איצטיקע שאַרפסטע ווידערשפּרוכן וואָלט קיין איין געגעראַל־שטאַב — און אָף זיי פאַרופט זיך שטענדיק באַוער — ניט געוואַגט אַרײַנצומישן זיך. ס'איז אַ צווייפל, צי צוליב עסטרײַך וואָלטן וועלכע ניט איז גרויסע מעלוכעס אַנטשלאָסן זיך בײַ דעם געגעבענעם איבערפלעכט אָנצוהייבן אַ מילכאָמע. אָבער די עסטרײַכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פּלאַפּלט בלויז, אַז זי וועט רופן צו אַן אַלגעמיינעם שטרײַק אינעם פאַל, ווען אויסלענדישע מיליטער וואָלט אַרײַנמאַרשירט אין עסטרײַך, אינעם פאַל, ווען מע וואָלט אַראָפּגענומען דעם ווינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן בירגערמײַסטער זײַץ פון זײַן פּאָסטן, ווען מע וואָלט פאַרבאָטן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי און אוניפיצירט די רעפאָרמיסטישע פּראָפאַריינען. זי לאָזט דורך איינע טערמינען נאָכן צווייטן, מיט איר פּאַסיוויטעט שטויסט זי אָפּ פונעם פּראָלעטאַריאַט די קלייןבירגערלעכע מאַסן. מיט איר פּאָליטיק פון אָפּזאָגן זיך פון קאַמף דעמאָראַליזירט זי דעם פּראָלעטאַריאַט. זי גרייט צו איר פולשטענדיקע קאַפּיטוליאַציע פאַרן פאַשיזם, דאָס אָפּגעבן סײַ ווין סײַ גאַנץ עסטרײַך די פאַשיסטן. מיט איר גאַנצער פּאָליטיק גרייט זי צו די מאַפּאָלע פון עסטרײַכישן פּראָלעטאַריאַט.

נאָך דער עסטרײַכישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גייט נאָך פינפזעקסטל פונעם עסטרײַכישן פּראָלעטאַריאַט. די עסטרײַכישע אַרבעטער זײַנען פאַר אַן אַלגעמיינעם שטרײַק; זיי ווילן קעמפן, אָבער זיי האַלטן, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — דאָס איז זייער אָרגאַניזאַציע, וואָס וועט זיי רופן צום קאַמף, ווען עס וועט זײַן נייטיק. ווען די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וואָלט גערופן צו אַן אַלגעמיינעם שטרײַק, וואָלט דער פּראָלעטאַריאַט געווען א י י נ ה י י ט ל ע כ אינעם קאַמף קעגן פאַשיזם

אונ וואָלט אָפגעשלאָגנ דעמ פאַשיסטישנ אָנגריפ. די קאָמוניסטנ וואָלטנ געווענ די ערשטע אָרגאַניזאַטערס פונ קאַמפ. די קאָמוניסטנ וואָלטנ ניט געשטעלט די פראַגע וועגנ אײַנשטעלנ טייקעפ די דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט, אַזוי לאַנג ווי די מערהייט פונעמ אַרבעטער-קלאַס וואָלט ניט אַוועק נאָכ זיי, זיי וואָלטנ דערווייל געפירט בלויז אַנ אַגיטאַ-ציע פאַר דער דיקטאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט, פאַר ראַטנ-מאַכט, אַלס איינציקע רעטונג פאַרנ עסטרייכישנ אַרבעטער-קלאַס פונ דאַלעס, נויט אונ פאַשיזמ. זיי וואָלטנ געפירט אַ קאַמפ פאַר דער העגעמאָניע אינ דער עסטרײַכישער אַרבעטער-באַוועגונג, דערווײַזנדיק, אַז די איינציקע רעטונג, דער איינציקער אויסוועג פונ דאַלעס אונ נויט איז די דיק-טאַטור פונעמ פראָלעטאַריאַט. בלויז דעראָבערנדיק די מאַסנ, וואָלטנ זיי געגאַנגענ אויפ אַ באַוואָפנטנ אויפשטאַנד, קעדיי אײַנצושטעלנ אַ ראַטנ-מאַכט.

אָבער קעגנ פאַשיזמ וואָלטנ די קאָמוניסטנ געקעמפט צוזאַמענ מיט די סאָציאַל-דעמאָקראַטנ, ווענ די סאָציאַל-דעמאָקראַטנ וואָלטנ וועלנ קעמפנ.

די עסטרײַכישע קאָמוניסטנ אַליינ — קעגנ דעמ איינהייטלעכנ פראָנט פונ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אונ דער גאַנצער בורזשואַזיע— קאָנענ דערווײַל נאָכ ניט דערפאָלגרײַכ דורכפירנ אַנ אַלגעמיינעמ שטרײַק, וואָרעמ זיי קאָנענ ניט אַוועקפירנ נאָכ זיכ די אַנטשיידנדיקע שיכטנ פראָלעטאַריאַט. אָבער זיי שטעלנ זיכ פאַר אַנ אויפגאַבע צו ווײַזנ די אַרבעטער דעמ וועג פונ קאַמפ קעגנ דעמ פאַשיזמ. זיי שטעלנ פאַר זייער אויפגאַבע צו אָרגאַניזירנ דעמ קאַמפ, וואָס די סאָציאַל-דעמאָקראַטנ ווילנ ניט. אויב די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע וועט אויסנוצנ די פאַרהעלטניסמעסיקע שוואַכקײַט פונ די עסטרײַכישע קאָמוניסטנ אונ וועט אָפגעבנ די מאַכט די פאַשיסטנ, וועט די פאַראַנטוואָרטלעכ-קײַט פאַר די אַלע גרוילנ, וואָס עס וועט לײַדנ דער עסטרײַכישער אַר-בעטער-קלאַס, פאַלנ בלויז אויפ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע. די קאָמו-ניסטנ וועלנ ניט קאַפיטולירנ. זיי וועלנ ווײַטער קעמפנ אַליינ קעגנ פאַשיזמ אונ מילכאָמע, פאַר דער דיקטאַטור פונ פראָלעטאַריאַט.

אינ ל ע ט ל אַ נ ד אונ ע ס ט ל אַ נ ד שטעלט זיכ אויכ די פאַשיסטישע דיקטאַטור. אויכ דאָ, פונקט ווי אינ עסטרײַכ, באַשליסט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע די פראַגע צי זאָל זײַנ אָדער זאָל ניט זײַנ

א פאַשיסטישע דיקטאַטור. אונ זי — אונ בלויז זי — טראָגט די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרנ גורל פונ דעמ לעטלענדישנ אונ עסטלענדישנ אַרבעטער־קלאַס אינ דער געגעבענער קאָנקרעטער סיטואַציע.

אָנ דער דירעקטער הילפ פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע וואָלט די פאַשיסטישע דיקטאַטור ניט געווענ אײַנגעשטעלט אינ דײַטשלאַנד, זי קאָנ ניט אײַנגעשטעלט ווערנ ניט אינ עסטרײַכ, ניט אינ שפּאַניע, ניט אינ לעטלאַנד, ניט אינ עסטלאַנד, ניט אינ וועלכנ ניט איז אַנדערנ לאַנד.

אינ **טשעכאָסלאָוואַקיע** ווערט מיט א שנעלנ טעמפּ אײַנגעשטעלט די פאַשיסטישע דיקטאַטור. נאָכ אינ אַפּרעל 1932 יאָר האָט דער סעקרעטאַריאַט פונ אויספּירקאָמ פונ קאָמינטערנ געשריבנ דעמ צענטראַל־קאָמיטעט פונ דער קאָמפּאַרטיי פונ טשעכאָסלאָוואַקיע אָט וואָס:

„דער פאַשיזירונג־פּראָצעס פונ טשעכאָסלאָוואַקיע וועט גיינ מיט זײַנע באַזונדערע וועגנ. רײדנ איצט וועגנ ברינינגיאַדע אינ טשעכאָסלאָוואַקיע, דערצו נאָכ וועגנ א ברינינגיאַדע, וואָס קומט ערשט אָנ, וואָלט געהייסנ ניט דערשאַצנ די ערנסטקייט פונ איצטיקנ מאָמענט אונ די מעגלעכקייט פונ פּלוצלינגדיקע אָנפאַלנ אונ פּראָוואָקאַציעס קעגנ דער קאָמפּאַרטיי מיצאַד דער **איצטיקער רעגירונג**, ווי אויכ נימדערשאַצנ די קאָנטר־רעוואָלוציאָנערע ראָליע פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָס סאַמע וויכטיקע פאַר די טשעכישע קאָמוניסטנ איז איצט פאַרשטיינ, אַז „בורג" איז די אָנפירונג פונ דער טשעכישער בורזשואַזיע, וואָס שטרעבט דורכצופירנ א נאַציאָנאַלע קאָנצענטראַציע אונ די פאַשיזאַציע פונ טשעכאָסלאָוואַקיע אונטער דער פאָנ פונ פאַרטייִדיקנ די „דעמאָקראַטיע" אונ פונ דער מיליטערישער אַזויגערופענער „פאַרטייִדיקונג" פונ דער ווערסאַלער סיסטעמ אינ א בונד מיט די פאַשיסטישנ פּוילנ, יוגאָסלאַוויע אונ רומעניע אונטער דער אָנפירונג פונ פראַנקרײַכ, ווי קעגנ דער פּראָלעטאַרישער רעוואָלוציע, אַזוי אויכ קעגנ דײַטשלאַנדס רעוויזיאָניסטישע פּלענער.

די נאַציאָנאַליסטישע כוואַליע אינ דײַטשלאַנד האָט זיכ גערעכטעט קעגנ דער ווייִמאַרער רעפּובליק אַלס אויסדרוק פונ **דײַטשלאַנדס פאַרקנעכטונג** מיצאַד די לענדער־זיגער. דער סימבאָל פונעמ זיג פונ טשעכישנ נאַציאָנאַליזמ איז דער „בורג". דעריבער איז ער דער

גרונט־שטראָם, וואָס קלײַבט צונויף די נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, וועלכע אַנטשטייען אין טשעכישן פאָלק און וועט אין די באַדינגונגען פון דער אָנוואַקסנדיקער געפאַר פאַר טשעכאָסלאָוואַקיע שפּילן די דאָזיקע ראָליע נאָך אין א גרעסערער מאָס ווי ביז איצט".

מיט דעם דאָזיקן וועג, ווי מיר זעען, איז ביז איצט געגאַנגען די פאַשיזירונג פון טשעכאָסלאָוואַקיע. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט דאָ באַקומען די סאַמע אַקטיווע ראָליע אַלס דורכפירער פונעם פאַשיזם אונטער דער פאָן פון באַשיצן די דעמאָקראַטיע.

די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון טשעכאָסלאָוואַקיע איז דער אויטע־פונעם אויסעראָרדנטלעכן געזעץ, פון די פּראָיעקטן צו פאַרווערן די קאָמוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, די קאָמפּאַרטיי. דעם טשעכישן פאַשיזם שטעלט אײַן די טשעכאָסלאָוואַקישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, איר קאָאַליציע מיט די בורזשואַזע פּאַרטייען. אָבער געווים וועט דערמיט דער פאַשיזירונג־פּראָצעס זיך ניט פאַרענדיקן. די טשעכאָסלאָוואַקישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרף ניט אומבאַדינגט, פאַרניכטעט ווערן ווי־די דײַטשישע. איר סאָף קאָן אָנקומען א ביסל אַנדערש און ווייניקער טראַגיש, ווי דאָס איז געווען אין דײַטשלאַנד. אָבער אין דער אונטער־שטער שורע וועלן די רעזולטאַטן זײַן די זעלבע, די טשעכאָסלאָוואַקי־שע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דערהאַלטעט זיך ווי א פּאַרטיי, ליקווידירנ־דיק די „דעמאָקראַטיע" אין לאַנד. די טשעכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע ווײַזט מיט טאַט, אַז זי איז ניט נאָר ניט קיין סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי, נאָר זי איז אפילו ניט קיין דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין דעם אַלטן, מאַסאַריקישן זין פונעם וואָרט. זי איז א פּאַרטיי פון דער רע־אַקציאָנערער בורזשואַזיע און צוזאַמען מיט איר שטעלט זי אײַן די פאַשיסטישע דיקטאַטור.

ווען אין טשעכאָסלאָוואַקיע וואָלט ווירקלעך געווען א בורזשואַז־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, וואָלט זי געגאַנגען מיטן וועג פון פּאַרטיפערן די דעמאָקראַטיע, באַפרײַען די אונטערדריקטע פעלקער, פאַרענדיקן די אַגראַרע רעוואָלוציע, מיטן וועג פון פעלקערישן קאַמף קעגן פאַשיזם און מילכאָמע. אָבער אַזאַ פּאַרטיי איז אין טשעכאָסלאָוואַקיע ניטאָ. אַזאַ פּאַרטיי איז שוין ניטאָ אין קיין איין אימפּעריאַליסטישן לאַנד.

אַלע בורזשואַזע פּאַרטייען, אײַנשליסנדיק די סאָציאַל־דעמאָקראַ־

טיע, זיינענ געוואָרנ פארטייענ פונ דער רעאקציע און פונ דער קאָנטער־רעוואָליוציע.

עס איז פאראנ בלויז איינ פארטיי פונ דער רעוואָליוציע — די קאָמוניסטישע פארטיי.

די סאָציאל־דעמאָקראטיע האָט פארלאָרנ איר זעלבשטענדיק פאר־טייִש פּאָנעמ. זי געפינט זיך אינ אנ איינהײטלעכנ קאָנטער־רעוואָליו־ציאָנערנ פראָנט מיט דער גאנצער בורזשואזיע.

דער דערפאָלג פונעמ פאשיזמ איז א רעזולטאט פונ דער פאשיזא־ציע פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע, א רעזולטאט דערפונ, וואָס די סאָציאל־דעמאָקראטיע איז געוואָרנ א סאָציאל־פאשיסטישע פארטיי, ווי מיר האָבנ שוינ קאָנסטאטירט אפנ זעקסטנ קאָנגרעס פונ קאָמינ־טערנ.

ווענ די סאָציאל־דעמאָקראטיע וואָלט אינ 1918 יאָר געווענ א רעוואָליוציאָנערע מארקסיסטישע פארטיי, וואָלט אייראָפּע שוינ לאנג געווענ א סאָציאליסטישע.

ווענ די סאָציאל־דעמאָקראטיע וואָלט אינ 1933 יאָר געווענ כאָטש א דעמאָקראטישע פארטיי, וואָלט אייראָפּע ניט געקאָנט ווערנ א פא־שיסטישע.

דער איצטיקער קריזיס פונ דער סאָציאל־דעמאָ־קראטיע איז א קריזיס, וואָס דרינגט ארויס פונ איר שנעלער פאשיזאציע, פונ איר קאפיטו־ליאציע פארנ פאשיזמ.

## די באזונדערקייטנ פונ איצטיקנ קריזיס פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע

דער איצטיקער קריזיס פונ דער סאָציאל־דעמאָקראטיע אונטערשיידט זיך ראדיקאל פונ איר קריזיס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבנ ביים דער אימפעריאליסטישער מילכאָמע. דאנ האָט די סאָציאל־דעמאָקרא־טיע, וואָס איז איבערגעבאָרנ געוואָרנ אינ א רעפאָרמיסטישער קליינ־בירגערלעכער פארטיי, פאראטנ דעמ ארבעטער־קלאס און איז אינ יעדנ

לאַנד באַזונדער אַריבער אַפ דער זײַט פונ איר בורזשואַזיע, איז געוואָרנ אַ פּאַרטײַ פונ סאָציאַל-נאַציאָנאַליסטנ, סאָציאַל-שאָוויניסטנ, סאָציאַל-פּאַטריאָטנ, סאָציאַל-אימפּעריאַליסטנ. צעגראָמירנדיק דעמ דײַטשישנ און עסטרײַכישנ פּראָלעטאַריאַט אינ 1918 יאָר, איז זי ווידער אופגעשטאַנענ אַלס פּאַרטײַ פונעמ אַזויגערופענעמ „דעמאָקראַטישנ וועג צום סאָציאַליזמ", פונ „פרידלעכנ אַרײַנוואַקסנ אינ סאָציאַליזמ", אַלס פּאַרטײַ, וואָס שטיצט זיכ אַפ די דעמאָקראַטיש-פּאַטריאָטישע און פּאַציפיסטיש-פּאַטריאָטישע איליוזיעס פונ די מאַסנ, וואָס זײַנענ פאַרמאַטערט פונ דער מילכאָמע. דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל איז רעסטאַווירט געוואָרנ נאָכנ שאַפנ די פעלקער-ליגע, אַלס „סאָציאַליסטישער" צוגאָב צו איר. אַלס יעסאָד פונ זײַנ אויסערלעכער פּאָליטיק האָט ער געמאַכט די מיטאַרבעט פונ די קאַפּיטאַליסטישע רעגירונגענ מיט דער פעלקער-ליגע אינעמ קאַמפּ קעגנ פססר. אַלס יעסאָד פונ זײַנ אינערלעכער פּאָליטיק האָט ער געמאַכט די שפּאַלטונג פונ דער אַרבעטער-באַוועגונג, דעמ קאַמפּ קעגנ קאָמוניזמ. אַלס יעסאָד פונ זײַנ אינערלעכ-פּאַרטײַישער פּאָליטיק האָט ער געמאַכט דאָס אויסנוצנ די אַלטע, אַנמלט מאַרקסיסטישע אָרגאַניזאַציעס פונעמ אַרבעטער-קלאַס אַפ צו ביגנ זײַנ רעוואָליוציאָנערע ענערגיע.

דער איצטיקער קריזיס פונ דעמ דאָזיקנ נאָכמילכאָמעדיקנ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל האָט זיכ אָנגעהויבנ, ווענ עס האָט זיכ אַרויסגעוויזנ דער וואַקסנדיקער קאָנטראַסט צווישנ דעמ לאַנד פונעמ זיכ בויענדיקנ סאָציאַליזמ און די לענדער פונעמ פוילנדיקנ קאַפּיטאַליזמ. דער דאָזיקער קריזיס איז געוואָרנ אינגאַנצנ קלאָר, ווענ די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פונ דײַטשלאַנד האָט קאַפּיטולירט פאַר היטלערנ.

די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע צעפאַלט זיכ איצט לויט צוויי ליניעס אינ אינטערנאַציאָנאַלנ מאַסשטאַב — לויט דער נאַציאָנאַלער ליניע און אינ יעדנ לאַנד — אַפ באַזונדערע גרופּנ. דאָס איז דער אויסדרוק דערפונ, אַז איצט האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע פאַראַטנ ניט נאָר אַלס רעוואָליוציאָנערע פּאַרטײַ, נאָר אויכ אַלס רעפאָרמיסטישע פּאַרטײַ, אַלס דעמאָקראַטישע פּאַרטײַ. דעריבער איז אַבסאָליוט ריכטיק איצט צו רײדנ ניט בלויז וועגנ דער פּאָליטישער מאַפּלע, נאָר אויכ וועגנ דער אידעאָלאָגישער קאַטאַסטראָפע פונ דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע.

די דאָזיקע אידעאָלאָגישע קאַטאַסטראָפע ברענגט דערצו, אַז די גרופּעס, אויף וועלכע עס איז זיך צעפאַלן די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, קריטיקירן איינע די אַנדערע, באַשולדיקן איינע די אַנדערע, אויסנוצנ-דיק איינצלנע פראַזן פונעם אַלטן אידעאָלאָגישן באַגאַזש.

אין דײַטשלאַנד איז איצט ניטאָ קיין סאָציאַל-דעמאָקראַ-טישע אָרגאַניזאַציע. אין דער דײַטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע — די פּראָגער גרופּע, וואָס שטעלט אַרויס דעם לאָזונג פון „אַ רעוואָ-לוציע קעגן היטלערן, פאַר אויפשטעלן די דעמאָקראַטיע", די בער-לינער גרופּע — לעבע-קינסטלערס, וואָס פּאַסט זיך צו צום פאַשיסטישן רעזשים, אויף וויפל ער האָט דאָס דערלויבט, די פּאַריזשער גרופּע, וואָס מישט צו צו דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער אידעאָלאָגישער קאַשע עטלעכע ראַדיקאַלע פראַזן, ווײַטער — צענדליקער קלענערע גרופּן און שרײַבער, וואָס קריטיקירן זייער אַלטע אידעאָלאָגיע, וואָס זײַנען אָבער ניט פעיִק אויפצוהייבן זיך צום מאַרקסיזם, קאָמוניזם, וואָס האָבן זיך פאַרבלאָנדזשעט צווישן דריי סאָסנעס און וואָס שטערן גאַנץ ערנסט מיט זייער אידעאָלאָגישן פּלאָנטער דעם קאַמף פונעם אַרבעטער-קלאַס, וואָס האַלטן אײַן יעדע מיט איר מעטאָד די מאַסן פון אַריבערגיין צום קאָמוניזם.

אין פראַנקרײַך די גרופּע רענאָדעל-דעאַ, וואָס גייט אָפן אַריבער אין לאַגער פון בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, בליומס גרופּע, וואָס שטרעבט אײַנצוהאַלטן די אַלטע פּאָזיציעס, די גרופּע „אַקסיאָן סאָציאַליסט", וואָס דריקט אויס דאָס לינק ווערן פון די אַרבעטער-מאַסן. אין ענגלאַנד — די נאַציאָנאַל-לייבאָריסטן, די לייבאָריסטן, די אומאָפּהענגיקע. עמבריאָנען פון צעפאַלונג אין עסטרײַך, אין דער שווייץ, צוויי פּאַרטייען אין האָלאַנד. קימאַט אין יעדן לאַנד איז שוין איצט מינימום דרײַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטייען, אין יעדער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי צענדליקער שטאַנדפּונקטן, וואָס זיי פאַראייניקט בלויז זייער געמיינזאַמע ראָליע פונעם סאָציאַלן הויפּט-אָנ-שפּאַר פון דער בורזשואַזיע און דער קאַמף קעגן דעם קאָמינטערן.

דער צווייטער אינטערנאַציאָנאַל פּרוּווט פאָרמעל פאַראייניקן דעמ-דאָזיקן כאַאָס פון נאַציאָנאַליסטישע פּאַרטייען, פאַרפּלאָנטערטע גרופּן און גרופּקעס. ער סטאַרעט זיך שאַלעמ מאַכן צווישן בליומען און דע-גאָרעלן (ווען דעם האָט אָנגענומען אַ באַשלוס די לעצטע זיצונג פון

דער ביוראָ פונעם II אינטערנאַציאָנאַל), װעלכן מיט זײדעװיצן, ער טראָגט רויִק אַריבער דעם אַװעקגאַנג און האָט צוריקומען פון װעלכן. ער שרײַבט רעזאָליוציעס, אין װעלכע אַלע האָפענונגען װערן אַרופגעלײגט אַף א נעס, װאָס דאַרף פאָרקומען אין זשענעװע, װוּ די צעפּאַלענע פעלקער־ליגע און די באַנקראָטירטע „אַנטװאָפענונג"־קאָנפערענץ האָפן פאַרײניקן און אַנטװאָפענען אַלע אימפּעריאַליסטן. בעעמעס, דאָס באַטײַט פאַרלירן דעם געפיל פון ערנסטקײט! בעעמעס, דאָס באַטײַט פאַרלירן ניט בלויז די פּאָליטישע ליניע, נאָר אויך דעם קאָפּ. און דאָס איז ניט נאָר די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, נאָר דער גאַנצער צװײטער אינטערנאַציאָנאַל. און דאָס איז דערפאַר, װײַל עס איז ניט געװען קײן באַזונדערע דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאָליטיק, װײַל עס איז געװען און עס איז פאַראַן אײן אַלגעמײנע פּאָליטיק פון דער גאַנצער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, װײַל דעם גורל פון דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע װעלן טײלן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטײען פון אַלע לענדער. אַלע זײ האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן אין א קאָנטר־רעװאָלוציאָנערן אײנהײטלעכן פראָנט מיט דער גאַנצער בורזשואַזיע צום קאַמף קעגן דעם פּראָלעטאַרישן אײנהײטלעכן פראָנט, זײ אַלע זײַנען סאָציאַל־פאַשיסטן, פּאַרטײען, װאָס גײען אַף א קאַפּיטוליאַציע פאַרן פאַשיזם.

אָבער אין װאָס באַשטײען די סיבעס פון דעם דאָזיקן קריזיס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע?

די סיבעס פונעם קריזיס פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע באַשטײען דערין, װאָס, ערשטנס, די װעלט געפינט זיך ערעװ א נײַעם טור אימפּעריאַליסטישע מילכאָמעס, װאָס די צוגרײטונג צו אים האָט שוין געבראַכט צו א שטורמישן אויפרײַס פון נאַציאָנאַליזם. דעריבער צעפאַלט זיך דער צװײטער אינטערנאַציאָנאַל, װײַל די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון יעדן לאַנד שטעלט זיך אַף דער זײַט פון איר בורזשואַזיע. צװײטנס, די איצטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט געקאָנט האָבן אַן אָרט אין דער בורזשואַזער רעגירונג־סיסטעם בלויז בײַם פּאַרלאַמענטאַריזם. בײַ דער איצטיקער אויסערגעװײנלעכער צענטראַליזאַציע פון דער מעלוכע־מאַכט, װעגן װעלכער איך האָב שוין גערעדט איז זי געװאָרן אין דעם דירעקטן רעגירונג־אַפּאַראַט אין א רײ לענ־

דער ניט נייטיק. ד ר י ט נ ס, דער וווּקס פונעמ נויט אונ דאַלעס צווישנ די מאַסנ האָט געבראַכט דערצו, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט פאַרלאָרנ איר מאַסנ־ווירקונג. דאָס צווינגט זי נאָכ שנעלער צופאַסנ זיכ צו די פאָדערונגענ פונ איר בורזשואַזיע, נאָכ שנעלער פאַשיזירנ זיכ.

דערפונ שטאַמט די פאַרשנעלערטע פאַשיזאַציע פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אינ יעדנ לאַנד באַזונדער, די צעפאַלונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָפ אַ ריי איינצלנע גרופנ אונ פאַרטייענ, וואָס באַטײַטנ פאַרשיידענע שטאַפלענ פונ איר פאַשיזאַציע, דערפונ נעמט זיכ די צעפאַלונג פונעמ צווייטנ אינטערנאַציאָנאַל אָפ זײַנע נאַציאָנאַלע באַשטאַנדטיילנ אינ פאַרבינדונג מיט די גרופירונגענ פאַר דער צוקינפטיקער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע, דערפונ איז די צעשפליטערונג אונ דער באַנקראָט פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אידעאָלאָגיע, ווײַל עס האָט באַנקראָטירט די טעאָריע פונ „דעמאָקראַטישנ סאָציאַליזמ", ווײַל עס פאַרשווינדנ די איליוזיעס וועגנ אַ פרידלעכער אַנטוויקלונג פונעמ קאַפיטאַליזמ אונ וועגנ „דעמאָקראַטישנ וועג צומ סאָציאַליזמ".

אינ יעדער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי זײַנענ פאַראַנ עטלעכע פראַקציעס, וואָס דריקנ אויס די אידייִשע צעפאַלונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, אָבער טאָג ט ו ע נ ד י ר ע כ ט ע, וואָס גייענ אָפנ צו פאַשיזמ, וואָס שפאַנענ אָפנ זיכ אײַנ אינ דעמ רײַטוואָגנ פונ נאַציאָנאַליזמ. די „ל י נ ק ע" ב ל ײַ ב נ פ אַ ס י װ אונ פ ל אַ פ ל ע נ, אָפהאַלטנדיק די מאַסנ פונ איבערגאַנג צו קאָמוניזמ. די רעכטע טוענ, אָרגאַניזירנ, די „לינקע" שרײַבנ „לינקע" רעזאָלוציעס, לאָזנ אינ גאַנצנ זייער ראַדיקאַלע פראַזעאָלאָגיע. מיט זייערע „לינקע" רעדעס וועגנ דער דיקטאַטור פונ פראָלעטאַריאַט, מיט די פלענער צו רעפאָרמירנ די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אאַוו. האַלטנ זיי אײַנ די מאַסנ אינעמ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ אײַנהײַטלעכנ פראָנט. דערינ איז די אַרבעט־צעטיילונג, דערינ איז די ראָליע פונ די „לינקע".

אינ די דאָזיקע באַדינגונגענ פונ דער צעפאַלונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דינענ דער בורזשואַזיע די קליינע גרופּלעכ טראָצקיס, בראַנדלערס אאַוו. אָפ אָפצוהאַלטנ די מאַסנ פונ אַריבערגייַנ צו די קאָמוניסטנ, קעדיי צו אונטערוואַרפנ דעמ אַרבעטער־קלאַס דער דיקטאַטור פונ דער בורזשואַזיע. זיי באַמיִענ זיכ איצט אויספילנ פאַר

דער בורזשואזיע די סאמע וויכטיקע און סאמע שווערע אויפגאבע, וואָס עס איז שוינ ניט אימשטאנד אויסצופילנ די אלטע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. זיי זײַנענ צוזאמענ דערמיט די גרונט־צושטעלער פונ טעאָריעס אונ ארגומענטאציעס קעגנ סםסר אונ קאָמינטערנ. זיי פילנ אויס אויכ נאָכ א דריטע, אויכ אזא וויכטיקע אופגאבע פאר די פאַשיסטנ — דאָס צעשטויבנ די ארבעטער־באוועגונג, באזונדערלעכ ווי אינ א קאָנגלאָמעראט פונ סעקטעס אונ גרופעס. דערינ באשטייט זייער ראָליע אלס פאָרויסגעשיקטער אָטריאד פונ דער קאָנטר־רעוואָליוציאָנערער בורזשואזיע.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל, קעמפנדיק קעגנ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, דארפ איינצײַטיק פירנ א קאמפ פאר פארניכטנ די גרופעס טראָצקיסטנ אונ בראנדלעריסטנ, וואָס ווערנ דערמוטיקט מיצאד די פאַשיסטנ, קעגנ צעשטויבנ די ארבעטער־באוועגונג אפ קליינע גרופעס, פאר פארייניקנ זי אונטער דער אָנפירונג פונ די קאָמוניסטנ.

## מיר גייענ צו דער רעוואָליוציע...

דער קריזיס פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע איז איינער פונ די וויכטיקסטע באשטאנד־טיילנ פונ דעם אלגעמיינעמ קריזיס פונ דער קאַפּיטאליסטישער סיסטעמ. אינ דײַטשלאנד ווילנ ניט די פאָלקס־מאסנ לעבנ אונטער היטלערס שטיוול אונ זיי ווילנ ניט צוריק צו דער ווײַמאַרער דעמאָקראטיע. אינ פוילנ, אונגארנ, איטאליע ווערט די פאשיסטישע דיקטאטור בעפיירעש אָפּגעשוואכט. עסטרײַכ איז א קאָכעדיק קעסל. אינ לעטלאנד אונ עסטלאנד זוכט א באדײַטנדיקער טייל באפעלקערונג א פארטיי, וואָס זאָל זײַנ פייִיק הײַנט — מאָרגנ דורכטרײַבנ די הערשנדיקע קנופיע, הגם די דאָזיקע מאסנ זיינענ נאָכ ניט צוגעגרייט צו גיינ אפ א פראָלעטארישע רעוואָליוציע. אינ יאפאָניע שלאָגט זיכ דורכ דורכ דער סיסטעמ פונ ווילדנ טעראָר דער ווילנ פונ די מאסנ צו רעוואָליוציע. גרויסע רעוואָליוציאָנערע געשעענישנ קאָנענ זיכ אָנהייבנ

גאָר אומדערוואַרט. דעריבער זײַנענ מיר מעכויעוו, ווי דאָס האָט געזאָגט כ׳ קוסינען, אַוועקשטעלנ אינ דער טאָג־אָרדענונג די פראַגע וועגנ קאַמפ פאַר אַ ראַטנ־מאַכט, וועגנ אַראָפוואַרפנ די מאַכט פונ די הערשנדיקע קלאַסנ דורכ אַ באַוואָפנטנ אויפשטאַנד. מיר זײַנענ פאַרפליכטעט אומעטום פּראָפּאַגאַנדירנ די פּראָגראַם פונ אַ ראַטנ־רעגירונג אונ מאָביליזירנ ארום איר די מאַסנ, צוגרייטנ זיי צו דעם, אַז, ווייסנדיק אונדזערע צילנ, זאָלנ זיי זײַנ פייִק בײַ די געהעריקע קויכעס־פאַרהעלטענישנ, באַם רייפ ווערנ פונ דער רעוואָלוציאָנערער סיטואַציע נעמענ די מאַכט אינ זייערע הענט. קיינ רעוואָלוציאָנערע סיטואַציע איז נאָכ ניטאָ אינ קיינ איינעם פונ די אַנטשיידנדיקע אימפּעריאַליסטישע לענדער, אָבער זי קאָנ רייפ ווערנ אינ דער נאָענטסטער צײַט. דער איצטיקער עטאַפּ איז שוינ ניט קיינ עטאַפּ פונ פרידלעכער אַנטוויקלונג. פאַר דער מערהײַט לענדער איז דער איצטיקער עטאַפּ שוינ ניט קיינ פעריאָד, ווענ מע דאַרפ פּאָשעט דעמאַסקירנ די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דער איצטיקער עטאַפּ אינ דײַטשלאַנד, עסטרײַכ איז ניט פּאָשעט אַ פעריאָד פונ קאַמפ פאַר דער מערהײַט פונעם אַרבעטער־קלאַס, נאָר אַ פעריאָד פונ אויספורעמענ די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי פאַר די דעצידירנדיקע קלאַסנ־שלאַכטנ פאַר דער מאַכט, אַ פעריאָד צו מאָביליזירנ אַזעלכע קאַדרעס, וואָס זײַנענ גרייט צו גיינ אויפ יעטווידער קאָרבנ, קעדיי צו פאַרניכטנ דעם עקזיסטירנדיקנ רעזשים, קעדיי צו ברענגענ דעם פּראָלעטאַריאַט צום זיג. וואָס באַטײַט דאָס? אַ סטיכייִשער אָנדראַנג, אַ סטיכייִשע אויפרעגונג פונ די מאַסנ איז פאַראַנ, האָטש דאָס רײַסט זיכ ניט דורכ אָפנ. די קאָמוניסטנ כאַפנ ניט אַלעמאָל אויפ די דאָזיקע סטיכייִשע אויפגערעגטקײַט, גיבנ איר ניט שטענדיק אַ ריכטונג. די קאָמוניסטנ כאַפנ ניט אַלעמאָל אויפ, ווענ די אומצופרידנ־קײַט גייט ארויס אויסער די ראַמענ פונ עקאָנאָמישע פאָדערונגענ, ווענ זי איז געווענדעט קעגנ דער מעלוכע אינגאַנצנ גענומענ.

מיר דאַרפנ זײַנ מער וואַכזאַם צו דעם דאָזיקנ סטיכייִשנ אָנדראַנג, סטיכייִשער אויפרעגונג פונ די מאַסנ.

אינ דייטשלאנד פרוּוונ זיכ די מאסנ, ווי, אינ וואַסער מאָט, אינ וואָסערע פאָרמענ קאָנ מענ ארויסטרעטנ קעגנ דער פאשיסטישער דיקטאטור. עס איז בלויז נייטיק, אז עס זאָל זיכ אָנהייבנ א וועלכער ניט איז גרויסער שטרייק, דעמאָנסטראציע, אונ דער וועג פארנ דורכרייס פונ דער אומצופרידנקייט פונ די מאסנ וועט געפונענ ווערנ.

דעריבער פאר איינוועגס מיטנ לאָזונג קאמפ פאר דער מאכט דארפנ מיר אוועקשטעלנ אינ דער טאָג־אָרדענונג דעם לאָזונג פונ אַ נ אַ ל ג ע מ י י נ ע מ שטרייק, אַ נ אַ ל ג ע מ י י נ ע מ שטרייק, וואָס עס אָרגאניזירנ אים אונ פירנ דורכ די קאָמוניסטנ אונ וואָס פאר אים איז נייטיק צו מאָביליזירנ די מאסנ דורכ פאנאנדערוויקלענ עקאָנאָמישע שטרייקנ.

אינ עסטרייכ האָבנ דעם לאָזונג פונ אַנ אַלגעמיינעמ פּאָליטישנ שטרייק אוועקגעשטעלט אונטערנ דרוק פונ די מאסנ די סאָציאַל־דעמאָקראטנ, אָבער די סאָציאַל־דעמאָקראטנ האָבנ מער מוירע פאר דער רעוואָליוציע, ווי פארנ פאשיזמ. די קאָמוניסטנ דארפנ מיט אלע קויכעס אויספּוּרעמענ דעמ סטיכיישנ אָנדראנג פונ די מאסנ, וואָס פאָדערנ אזא שטרייק. די קאָמוניסטנ מוזנ זיינ די גרונט־אָרגאניזאטערס פארנ אַלגעמיינעמ שטרייק. צו לעטלאנד באציט זיכ דאָס פונקט אזוי, ווי אינ דער זעלבער מאָס באציט זיכ דאָס צו אלע אנדערע לענדער, וואָס געפינענ זיכ אונטער דער געפאר פונ אײַנשטעלנ א פאשיסטישע דיקטאטור.

אינ פוילנ איז בא א גרויסער שטרייק־באוועגונג האָיאָר ווייניקער פּאָליטישע שטרייקנ, אָבער דאָס דארפ בעשומויפנ ניט הייסנ אונ הייסט ניט, אז דער באשלוס פונעמ XII פלענומ וועגנ אנ אַלגעמיינעמ שטרייק אינ פוילנ קאָנ פארגעסנ ווערנ. ער טאָר ניט פארגעסנ ווערנ.

אינ טשעכאָסלאָוואקיע בא דער סאָציאַל־דעמאָקראטישער קאָאליציע־רעגירונג איז געווענ א ריי גוטע פּאָליטישע שטרייקנ, געווענדט קעגנ דער מעלוכע. זיי דארפנ אונ קאָנענ ווידער זיכ באווײַזנ. די אנטוויקלונג פאר די לעצטע וואָכנ אינ טשעכאָסלאָוואקיע, וועגנ וואָס עס האָט גערעדט א ריי ארויסטרעטונגענ פונ די טשעכישע כאווייריִמ, דער לייזונג צו האָפנ אפנ וווּקס פונ דער פּאָליטישער שטרייק־באוועגונג אינ טשעכאָסלאָוואקיע.

.. אמעריקע, ענגלאַנד, פראַנקרײַכ בלײַבנ נאָכ געוויס אינ גרונט לענדער פונ עקאָנאָמישנ שטרײַק, אָבער אויב דאָ דאַרפ מענ אויפ־הייבנ די שטרײַק־באַוועגונג פונ דעמ עקאָנאָמישנ צו דעמ פּאָליטישנ שטרײַק. באַזונדערס אמעריקע קאָנ געשטעלט ווערנ פאַר גרויסע פּאָליטישע שטרײַקנ. די אמעריקאַנער פּאַרטיי דאַרפ איצט אינ דער צײַט ווענדנ די אופרעגונג פונ די מאַסנ.

וואָסערע קאָנענ איצט זײַנ די לאָזונגענ פונ א פּאָליטישנ מאַסנ־שטרײַק? זיי דאַרפנ רופנ די מאַסנ צומ קאַמפ פאַר דער מאַכט, פירנ די מאַסנ פונ פּאַרטיידיקונג צומ אָנגריפ. אינ עסט־רײַכ, לעטלאַנד, טשעכאָסלאָוואַקיע, אומעטומ, ווו עס גרײַפט אָנ דער פאַשיזמ, שטעלט דער פּאָליטישער שטרײַק פאַר זיכ די אויפגאַבע צו פּאַרטיידיקנ די עלעמענטאַרע רעכט פונ די אַרבעטער, דעמ קאַמפ קעגנ פאַרווירקלעכנ די פאַשיסטישע דיקטאַטור, דעמ קאַמפ קעגנ דער איצטי־קער רעגירונג, וואָס פירט דורכ דעמ פאַשיזמ.

אינ דײַטשלאַנד קאָנענ די לאָזונגענ פונ א פּאָליטישנ שטרײַק זײַנ — די פרײַהײַט אויסצוווײַלנ פאַבריק־זאַוואָדישע קאָמיטעטנ, באַ־פרייענ אַלע אַרעסטירטע, באַזײַטיקנ פונ די אַרבעטער־קוואַרטאַלנ די שטורמאָוויקעס, אַראָפּוואַרפנ די פאַשיסטישע דיקטאַטור, אײַנשטעלנ א ראַטנ־מאַכט.

אָבער דאָס סאַמע וויכטיקע אינעמ אויספורעמענ די רעוואָלוציאָנערע אַרמיי איז די טאַקטיק פונעמ אײַנהײַטלעכנ פראָנט. שטיצנדיק זיכ אַפ דער סטיכיייִשער אופרעגונג פונ די מאַסנ, דאַרפנ די קאָמפּאַרטייענ זיכ ווענדנ צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און אומפּאַרטייִשע אַרבעטער, אָפּ קיינ מאָמענט ניט אַרויסלאָזנדיק די באַוועגונג פונ די הענט. זיי דאַרפנ דערקלערנ, אַז דורכ אַקטיווע געמײַנזאַמע אַרויסטרעטונגענ פונ אַלע אַר־בעטער אונטער דער אָנפירונג פונ די קאָמפּאַרטייענ איז מעגלעכ פאַר־צאַמענ דעמ וועג פאַר דעמ פאַשיזמ. זיי דאַרפנ דערקלערנ, אַז אויב די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט ניט געקעמפט אינ דײַטשלאַנד קעגנ פאַ־שיזמ, האָט די שפּאַלטונג פונ דער אַרבעטער־באַוועגונג דערצו קיינ שומ שײַכעס ניט. שולדיק דערינ, וואָס די פאַשיסטנ זײַנענ אינ דײַטשלאַנד געקומענ צו דער מאַכט, ווי אינ יעדער אַנדער לאַנד, זײַנענ בלויז די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ. די שפּאַלטונג אינ דער אַרבעטער־באַוועגונג האָט דערצו קיינ שומ שײַכעס ניט. די שפּאַלטער זײַנענ די סאָציאַל־דע־

מאָקראַטנ, וואָס האָבנ געשאַפנ אַ קאָנטער־רעוואָליוציאָנערנ איינהייטלעכנ פראָנט מיט דער בורזשואַזיע. צומ קאַמפ קעגנ דער בורזשואַזיע, צומ קאַמפ קעגנ פאַשיזמ קאָנ שטענדיק, יעדע סעקונדע, איינגעשטעלט ווערנ אַנ איינהייטלעכער רעוואָליוציאָנערער פראָנט, אויב די סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע זאָל נאָר וועלנ קעמפנ קעגנ פאַשיזמ. ער וועט איינגעשטעלט ווערנ קעגנ דעמ ווילנ פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ווענ די אַרבע־טער וועלנ זיכ איבערצייַגנ, אַז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע גיט זיי אַרויס אינ די הענט פונ די פאַשיסטנ.

ס'איז ניטאָ קיינ ערגערע זאַכ, ווי ניט פאַרשטיינ דאָס.

דאָס פּאָזיטיווע אינ דער דײַטשישער טאַקטיק פונעמ איינהייטלעכנ פראָנט איז שטענדיק באַשטאַנענ דערינ, וואָס די דײַטשישע כאַווערימ פלעגנ זאָגנ די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער שטענדיק דעמ עמעס וועגנ זייער פאַרטיי און פלעגנ ריכטיק אָנווײַזנ דעמ וועג, מיט וועלכנ מע דאַרפ גיינ. און ס'איז אַבסאָליוט ריכטיק, ווענ זיי זאָגנ איצט, אַז דאָס סאַמע וויכטיקע איז ניט דערלאַזנ ווידערופשטעלנ די סאָציאַל־דע־מאָקראַטישע אָנפירונג אינ די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אינ די פראָ־פאַריינענ אינ דער ערשטער ריי, ניט לאָזנ אויסנוצנ די אַרבעטער־אָרגאַ־ניזאַציעס אַפ אָפצוהאַלטנ די אַרבעטער פונ קאַמפ.

דאָס נעגאַטיווע אינ דער גוטמאַנישער טאַקטיק אינ טשעכאָסלאָוואַ־קיע איז באַשטאַנענ דערינ, וואָס גוטמאַנ האָט געקעמפט פאַר איינ־הייט צוליב איינהייט, וואָס ער האָט זיכ ניט געשטעלט די אויפגאַבע צו פאָרמירנ אַ רעוואָליוציאָנערע אַרמיי צומ קאַמפ פאַר די פּאָליטישע צילנ פונ אונדזער פאַרטיי, צומ קאַמפ פאַר דער מאַכט, נאָר ער האָט גערופנ צופאַסנ זיכ צו די אָפגעשטאַנענע שטימונגענ און אָנשויונגענ פונ די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער.

דעריבער איז די *טעלמאַנישע* טאַקטיק פונעמ איינהייטלעכנ פראָנט געווענ אַ רעוואָליוציאָנערע, די *גוטמאַנישע* טאַקטיק פונ־נעמ איינהייטלעכנ פראָנט—אַנ אָפּאָרטוניסטישע, אַ ליקווידאַטאָרישע.

אָפ וויפל דער *גוטמאַניזמ*, אויב מע קאָנ אַזוי זאָגנ, האָט זיכ איינגעגלידערט אינ איינציקע צווישנשיכטנ פונ דער קפטש, האָט ער געוויס געבראַכט גרויסנ שאַדנ דער קפטש. אָבער די קפטש איז גע־

נונ שטארק, האט געגעבנ פעסטע קאדרעס און א געגעבנ פעסטע פארבינדונג מיט די מאסנ, קעדיי אונטער דער אָנפירונג פונעמ כ' גאָטוואלד פאריכטנ די פעלערנ און זיכ א רוק טאָנ פאָרויס צו נייע דערפאָלגנ.

## די דייטשישע פראגע און דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל

אפ דריי גרויסע פראגנ ווערט איצט דורכגעקאָנטראָלירט די רעוואָליוציאָנערע רייפקייט און באוווסטזיניקייט פונ יעדער קאָמוניסטישער פארטיי, פונ יעדנ קאָמוניסט, פונ יעדנ רעוואָליוציאָנער. ע ר ש ט נ ס, אפ דער פראגע וועגנ ססר, אפנ פארשטיינ די ראָליע און באַדייטונג פונ ססר פאר דער אינטערנאציאָנאלער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, אפנ פארשטיינ די פּאָליטיק פונ ססר, אפנ פארשטיינ דעמ פאקט, אז ססר איז א מוסטער פאר דער איבערגעשטאלטונג פונ אלע לענדער. ווער עס גיט ניט אָפּ זיינע אלע קויכעס צו באשיצנ ססר, דער איז ניט קיינ רעוואָליוציאָנער, דער איז א קאָנטר-רעוואָליוציאָנער, דער איז קעגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, דער איז קעגנ דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע. צ ו ו יי ט נ ס, אפ דער פראגע וועגנ דער באציונג צו דער כינעזישער רעוואָליוציע און צו דער כינעזישער ראטנרעפובליק. ווער עס גיט ניט אָפּ אלע זיינע קרעפטנ און אָרגאניזאטאָרישע פייִקייטנ אפ צו באשיצנ די כינעזישע רעוואָליוציע און די כינעזישע ראטנ-רעפובליק, דער צערייסט דעמ אינטערנאציאָנאלנ בונד פונ די קאָמוניסטנ, קעמפט ניט פארנ בונד פונעמ פראָלעטאריאט פונ די אימפעריאליסטישע לענדער מיט די ארבעטנדיקע פעלקער פונ די קאָלאָניעס און האלב-קאָלאָניעס, דער טראכט ניט ערנסט וועגנ דער דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט, וועגנ דער ראטנמאכט אינעמ אייגענעמ לאנד. ד ר י ט נ ס, אפ דער פראגע וועגנ דער באציונג צו דער דייטשישער רעוואָליוציע, אפנ פארשטיינ אירע פּראָבלעמעס און דעמ קאמפ פונ דייטשישנ פראָלעטאריאט. ווער עס פארשטייט ניט די דייטשישע פראגע, דער פארשטייט ניט די אנטוויקלונג-וועגנ פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע אינ אייראָפּע. ווער עס גיט ניט אָפּ אלע זיינע קרעפטנ אפ אונטערשטיצנ דעמ דייטשישנ פראָלעטאריאט, דער קעמפט

ניט פאר דער פראלעטארישער רעוואלוציע אין אייראפע, ווייל דער זיג פונעם דייטשישן פראלעטאריאט וואלט באטייט א זיג פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע אין גאנץ אייראפע, די מאפאלע פונעם דייטשישן פראלעטאריאט וואלט פארצויגן די אנטוויקלונג פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע אין אנדערע לענדער פון אייראפע.

דייטשלאנד איז געווען און פארבלייבט דער סאמע שוואכער רינג אין דער קייט אימפעריאליסטישע מעלוכעס. דייטשלאנד איז א לאנד, וווּ די קלאסן־ווידערשפרוכן זיינען מער פון אלץ פארשארפט. דייטשלאנד איז א לאנד, וווּ עס האבן זיך איבערגעפלאכטן אלע ווידערשפרוכן פון דער קאפיטאליסטישער וועלט אין דער סאמע שארפער פארם. און צוזאמען דערמיט איז דייטשלאנד דאס הארץ פון דער קאפיטאליסטישער אייראפע, א לאנד, וואס האט זיך עקאנאמיש און פאליטיש צוזאמענגעפלאכטן מיט אלע קאפיטאליסטישע לענדער פון אייראפע. דעריבער איז אין דייטשלאנד די פראלעטארישע רעוואלוציע נעענטער ווי אין אוועלכן ניט איז אנדער לאנד. און דער זיג פונעם פראלעטאריאט אין דייטשלאנד באטייט א זיג פון דער פראלעטארישער רעוואלוציע אין גאנץ אייראפע, ווייל די קאפיטאליסטישע אייראפע קען ניט עקזיסטירן, אויב זי וועט פארלירן איר הארץ. ס'איז קלאר דעריבער, אז די דייטשישע פראגן זיינען די גרונט־פראגן פונעם ערעוו פונעם צווייטן טור מילכאמעס און רעוואלוציעס. און דאס לייגט ארויף אויף אלע קאמפארטייען, אויף אלע קאמוניסטן די גרעסטע פאראנטווארטלעכקייט פארן גורל פון דער דייטשישער רעוואלוציע.

דער דערפאלג פונעם פאשיזם אין דייטשלאנד איז געווען דער גרויסער פרווו, אויף וועלכן עס איז דורכגעקאנטראלירט געווארן, וויאזוי האט יעדע פארטיי און יעדער קאמוניסט פארשטאנען די אינטערנאציאנאלע לאגע און דעם אנטוויקלונג־גאנג פונעם רעוואלוציאנערן פראצעס. אויף דעם דאזיקן פרווו האט זיך ארויסגעוויזן אונדזער קראפט, און, פארשטייט זיך, אויך דאס פוילע, וואס האט זיך נאך, צום באדויערן, איינגעהיט אין אונדזערע רייען.

מיט דער גרעסטער פרייד דארף מען פריער פאר אלץ פארצייכענען דעם אומשטאנד, וואס אונדזער יונגע ש פ א נ י ש ע קאמפארטיי און איר צענטראל־ארגאן „מונדא אברערא”, זייענדיק אליין אינעם פייער פון דער רעוואלוציע, האבן פון אנהייב אן ריכטיק אפגעשאצט די לאגע אין

דײַטשלאַנד, די באַרײַטונג פֿון די דײַטשישע געשעענישן און האָבן באַ־
װיזן פֿאַנאַנדערװיקלען אַ גרױסע קאַמפּאַניע פֿון אינטערנאַציאָנאַלער
פּראָלעטאַרישער סאָלידאַריטעט מיט די דײַטשישע פּראָלעטאַריער. אױך
אונזער ענערגישע סאָלידאַריטעט־קאַמפּאַניע האָט אַנטװיקלט די פּױלי־
שע קאָמפּאַרטײ, װאָס קעמפֿט אַלײן אונטערן יאָך פֿון פֿאַשיזם. די
קפּפּ האָט פֿאַנאַנדערגעװיקלט אַ ברײטע קאַמפּאַניע אין די זאַװאָדן,
פֿאַבריקן און שאַכטעס. די גאַנצע פּרעסע אירע איז אין משך פֿון
אַ רײ כאַדאָשים געװען געװידמעט די דײַטשישע איניאָנים. זי האָט
געזאָגט די מאַסן:

„דער דײַטשישער פּראָלעטאַריאַט איז ניט אײנזאַם, ער װעט זײַן
אַרומגערינגלט מיט דער אַקטיװער סאָלידאַריטעט און הילף פֿונעם רע־
װאָלוציאָנערן װעלט־פּראָלעטאַריאַט, װאָס פֿאַרשטײט, אַז דער זיג פֿון
דער דײַטשישער סאָציאַליסטישער רעװאָלוציע זיכערט דעם זיג פֿון
דער װעלט־רעװאָלוציע. אינעם דאָזיקן אַקטיװן קאַמף װעלן זיך קױ־
דעמקאָל באַטײליקן די אַרבעטנדיקע מאַסן פֿון פּױלן, װאָס קעמפֿן
אַלײן אונטערן פֿאַשיסטישן יאָך".

אַ גענױ ענערגישע לױט זײערע קרעפֿטן אױפֿקלערונג־אַרבעט צװישן
די מאַסן און אַ מאַסן־באַװעגונג האָבן פֿאַנאַנדערגעװיקלט די עסטער־
רײַכישע, בעלגישע, דענישע, האָלענדישע און אַ רײ
אַנדערע ניט קײן גרױסע פּאַרטײען. באַדײַטנדיק שװאַכער, ד.ה. ניט
אַנטשפּרעכיק צו זײערע קרעפֿטן, האָבן אין דער פֿראַגע פֿון אונ־
טערהאַלטן דעם דײַטשישן פּראָלעטאַריאַט זיך אַרױסגעװיזן די קאָמ־
פּאַרטײען פֿון אַמעריקע, פֿראַנקרײַך, טשעכאָסלאָװאַקיע. די אַמערי־
קאַנער כאַװײרים האָבן אין משך פֿון אַ לענגערע צײַט ניט גע־
װענדט קײן ערנסטע אױפֿמערקזאַמקײט און ניט אױפֿגעקלערט צװישן
די מאַסן דעם טאָך פֿון די דײַטשישע געשעענישן. די ענגלישע
קאָמפּאַרטײ האָט נאָך אַ געװיסער צעקראָכנקײט אין די ערשטע טעג,
װען זי האָט אַפּאָנעם ניט דערשאַצט די נײטיקײט צו קעמפֿן קעגן פֿאַ־
שיזם, האָט שפּעטער — און דאָ איז כ' גאַלאַכער גערעכט — באַװיזן
אַנטװיקלען אַן ערנסטע קעסײערדיקע קאַמפּאַניע און פֿאַרנעמען אַ
קלאָרע פּאָליטישע ליניע. אין טשעכאָסלאָװאַקיע איז די אַנטי־
פֿאַשיסטישע סאָלידאַריטעט־קאַמפּאַניע, װאָס האָט זיך ניט שלעכט אָנ־
געהױבן, שטאַרק אָפּגעשװאַכט געװאָרן, אַ דאַנק די אָפּאָרטוניסטישע

איינשטעלונגען פון גוטמאַנס גרופּע, וואָס האָט מיט דער הילף פונעם „לינקסטן" „היסטאָריש־לינקן" ב׳ רוימאַן (א געלעכטער) פאַרכאַפּט דעם פּאַרטיי־שטעמפּל.

זיי האָבן געהאַט „היסטאָריש רעכטע", איך רעכן, אז פונקט מיט אזא רעכט קאָן מען איצט ריידן, אז זיי האָבן „היסטאָריש לינקע", וואָס זיינען אין טאָג געוואָרן רעכטע (געלעכטער).

דאָס זעלבע באַציט זיך צו פראַנקרייך, ווו אין מאַרט און אין אַפּריל זיינען געווען אין דער פּאַרטיי פאַרשפּרייט טראָצקיסטישע אָנ־שווינגען, אז די קפּד האָט קאַפּיטולירט, ווו די „קאַיע די באַלשע־וויזם" האָט זיך פאַרנומען מער מיט אויסזוכן די „פעלערן" פון דער קפּד, ווי מיט דעמאַסקירן די פאַרעטערישע ראָליע פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אינעם זיג פונעם פאַשיזם אין דייטשלאַנד, ווי מיט מאָ־ביליזירן די מאַסן קעגן דעם דייטשישן פאַשיזם.

אָבער, כאַווערים, אויב מע קאָן פאַרצייכענען א ריי דערפאָלגן פון אונדזערע פּאַרטייען אין דעם געביט, וואָס ווייזן דעם וווּקס פונעם ווירקלעכן אינטערנאַציאָנאַליזם, איז אָפילע דאָרט, ווו אונדזער אונטער־שטיצונג־קאַמפּאַניע פאַר דער דייטשישער רעוואָלוציע און די אויפקלע־רונג פונעם זין פון די דייטשישע געשעענישן זיינען דורכגעפירט גע־וואָרן בעסער פון אַלץ, מוז מען דאָך האַלטן זי פאַר ווייט ניט גענוג. באַזונדערס אונדזער קאַמפּאַניע פון אונטערהאַלטן און שטיצן דעם דיי־טשישן פּראָלעטאַריאַט אין צוזאַמענהאַנג מיטן פּראָצעס קעגן דימיט־ראָוון, טאָרגלערן, פּאָפּאָוון און טאַנעוון איז נאָך ווייט ניט גענוג. אויב מע זאָל פאַרגלייכן די דאָזיקע מאַסן־קאַמפּאַניע, וואָס מיר האָבן איצט פאַנאַנדערגעוויקלט, מיט דער קאַמפּאַניע, וואָס דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט האָט פאַנאַנדערגעוויקלט אין צוזאַמענהאַנג מיטן איניען סאַקאָ און וואַנצעטי, איז יענע קאַמפּאַניע געווען ברייטער ווי די איצ־טיקע. מיר האָבן זיך דערצו נאָך ניט באַוויזן אויפהייבן, האָטש די פּאָ־ליטישע באַדייטונג פונעם לייפּציקער פּראָצעס איז א סך א גרעסערע, ווי דער איניען סאַקאָ און וואַנצעטי. דער איניען סאַקאָ און וואַנצעטי איז פאָרגעקומען אינעם סאַמע אָנהייב פונעם רעוואָלוציאָנערן אויפ־שטייג פון דער מאַסן־באַוועגונג. צום שוץ פון סאַקאָ און וואַנצעטי האָבן מיר צום ערשטן מאָל געמאַכט דעם אויספּיר, אז דער רעוואָלוציאָנע־רער אויפשטייג וואַקסט. איצט געפינען מיר זיך ערעוו דעם צווייטן טור

רעוואָליוציעס אונ מילכאָמעס. אויב דעמלט איז דאָס געווענ אנ אָנהייב פונ א נײַער מעכטיקער באַוועגונג, קאָנ איצט די דאָזיקע פאַנאַנדערגע־וויקלטע קאַמפּאַניע פונ סאָלידאַריטעט מיט די דײַטשישע כאַווײרים, מיט די לײַפּציקער געפאַנגענע, אונדזער אינטערנאַציאָנאַלער קאַמפּ פאַר דער דײַטשישער רעוואָליוציע, אונדזער אונטערשטיצונג פאַר דער דײַטשישער רעוואָליוציע, אונדזער מאַסנ־באַוועגונג קעגנ דעמ פאַשיסטישנ טעראָר, קאָנ ווערנ אנ אויסגאַנג־פּונקט פאַר די גרעסטע פּאָליטישע אַרויסטרעטונגענ אונ באַוועגונגענ פונעמ אַרבעטער־קלאַס.

## דער קאַמפּ קעגנ דער „לינקער“ סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אונ קעגנ דעמ רעכטנ אָפּנייג אינ די קאָמוניסטישע פּאַרטייענ

אונ דאָ דאַרפ מענ פרעגנ: פונוואַנענ האָט זיכ גענומענ אונ וואָס האָט באַטײַט גוטמאַנס פּאָזיציע, וואָס האָט דירעקט סאַבאָטירט דאָס דרוקנ אונ פּאָפּולאַריזירנ די רעזאָליוציע פונ אויספּירקאָמ פונ קאָמינטערנ וועגנ דער לאַגע אינ דײַטשלאַנד, ווי אויכ פונוואַנענ האָבנ זיכ גענומענ די אײַנשטעלונגענ פונ כ' ריימאַנס אָפּאָרטוניסטישע קאָלעגנ פונ דער רעדאַקציע „קאַיע די באָלשעוויזמ“?

די דאָזיקע כאַווײרים האָבנ פאַרלאָרנ די רעוואָליוציאָנערע פּערספּעקטיוו, זײַנענ אַרונטערגעפאַלנ אונטער דער ווירקונג פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, ביפראַט אונטער דער ווירקונג פונ די בראַנדלעריסטנ אונ טראָצקיסטנ, וואָס פירנ א ווילדע קאַמפּאַניע קעגנ קאָמינטערנ אונ דער קפּד.

ווענ די קאַפּיטולאַציע פונ דער דײַטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פאַר היטלערנ האָט אַרויסגערופנ א גרויסע אויפרעגונג אינ די אַרבעטער־מאַסנ פונ אַנדערע לענדער, ווענ עס האָט זיכ אַרויסגעוויזנ די געפאַר, אַז די אַרבעטער, וואָס זײַנענ אויפגערעגט מיט דער אויפירונג פונ די דײַטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ, וועלנ אָנהייבנ אַריבערגיינ צו די קאָמוניסטנ, האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָנגעהויבנ א גרויסנ מאַנעווער קעגנ פססר אונ קעגנ דעמ קאָמינטערנ, כדי צו דיסקרעדיטירנ זיי אינ די אויגנ פונ די אַרבעטנדיקע מאַסנ. די טשעכאָסלאָוואַקישע סאָציאַל־דעמאָקראַטנ זײַנענ אַרויסגעטראָטנ מיט א דערקלערונג,

אז פססר האָט, קלוימערשט, אָפּגענאַרט די האָפענונגענ פונ די דײַטשישע פראָלעטאַריער, ניט אָנהייבנדיק קיינ מילכאָמע קעגנ דעמ פאַשיזמ. די דאָזיקע בעפיירעש פּראָוואָקאַטאָרישע קאַמפּאַניע האָט אָבער קיינ גרויסנ דערפאָלג ניט געהאַט.

דאַנ האָט זיכ אָנגעהויבנ די קאַמפּאַניע, אַז פססר פאַראַט דעמ אַרבעטער־קלאַס, אונטערהאַלטנדיק נאָרמאַלע דיפּלאָמאַטישע באַציונגענ מיט דײַטשלאַנד. אָבער די שפּראַכ פונ קראַפט, מיט וועלכער פססר האָט גערעדט מיט דײַטשלאַנד, ברענגענדיק דעמ גרעסטנ שאָדנ דעמ אויסערנפּאָליטישנ רעספּעקט פונ דײַטשלאַנד, האָט געצוווּנגענ די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָפּצושטעלנ די דאָזיקע קאַמפּאַניע.

פאַר אונדז, קאָמוניסטנ, איז קיינ שאַנד ניט, אויב דאָס סאַמע גרעסטע אונ גרויסהאַלטערישע קאַפּיטאַליסטישע לאַנד — צאַפּש — אַנערקענט פססר אינ 16 יאָר אַרומ, קעדיי צו פאַרפעסטיקנ דעמ שאָלעמ אונ זײַנע פּאָזיציעס. פאַר אונדז, קאָמוניסטנ, איז קיינ שאַנד ניט, אויב מוסאָליני בעט זיכ בײַ ליטווינאָוונ, ער זאָל אַרײַנפאָרנ אינ רוימ. פססר רעדט מיט אַלעמענ מיט דער שפּראַכ פונ קראַפט. פססר האָט געצוווּנגענ יאַפּאַניע אַראָפּשלינגענ אַזאַ פּיל, ווי פאַרעפנטלעכנ זייערע דאָקומענטנ. פאַר די קאָמוניסטנ איז די גרעסטע אָנערקענונג, ווענ מיט פססר זײַנענ געצוווּנגענ צו רײַדנ אונדזערע ערגסטע סאָנימ. פאַר די קאָמוניסטנ איז די גרעסטע אָנערקענונג, ווענ אַלע בורזשואַזנ מעלוכעס זײַנענ גענויט צו רעכענענ זיכ מיט דער קראַפט פונ פססר, מיט דער קראַפט פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט.

איצט קומט אויס צו רײַדנ ניט פּשוט וועגנ אַ קאָנטראַסט, איצט קומט אויס צו רײַדנ וועגנ אַנ איבערגעוויכט פונ פססר איבער יעדנ אימפּעריאַליסטישנ לאַנד באַזונדער אונ איבער גאַנצע גרופּעס אימפּעריאַליסטישע לענדער. ווענ די קאַמפּאַניע קעגנ פססר איז דורכגעפאַלנ, זײַנענ די סאָציאַל־דעמאָקראַטנ אַרויס מיטנ לאָזונג פונ בויקאָטירנ די דײַטשישע סכוירעס. אייניקע צײַטונגענ האָבנ דאַנ ניט ריכטיק געשריבנ, אַז די קאָמוניסטנ באַטייליקנ זיכ ניט אינעמ בויקאָט קלוימערשט דערפאַר, ווײַל דער בויקאָט ווידערשפּרעכט די ווירטשאַפטלעכע אינטערעסנ פונ פססר. פססר האָט ניט קיינ אינטערעסנ, וואָס גייענ זיכ פאַנאַנדער מיט די אינטערעסנ פונ דער וועלט־רעוואָלוציע אונ דער אינטערנאַציאָנאַלער פּראָלעטאַריאַט האָט ניט, נאַטירלעכ,

קיין אינטערעסן, וואָס גייען זיך פאַנאַנדער מיט די אינטערעסן פון ראַטנפאַרבאַנד.

אָבער וואָס וואָלט דער בויקאָט געקאָנט געבן דעם פּראָלעטאַריאַט פון דייטשלאַנד און דער דייטשישער רעוואָליוציע? דאָס איז אַ פאַר־שאַרפונג פון דער עקאָנאָמישער מילכאָמע צוליב די אינטערעסן פון די קאָנקורירנדיקע גרופּעס פון קאַפּיטאַליזם. צי קאָן דער בויקאָט אַרונ־טערייסן די עקזיסטענץ פון אַ קאַפּיטאַליסטישן לאַנד? בעפיירעש נישט. פאַרוואָס דאַרפן מיר נעמען אַן אָנטייל אין אַזאַ בויקאָט, וואָס אַפּ דורכפירן אים האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן אַליין גאָרנישט געטאָן, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטן ווילן אים אָנוואַרפן די קאָמוניסטן, וואָס איז צוועקלאָז און איז פאַרמישפּעט אַפּ אַ דורכפאַל?

באַזונדערס בולעט רייזן אין זייער רעדעס ווען בויקאָט די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, אַז די עסטרייכישע סאָציאַל־דעמאָ־קראַטיע האָט פאַרוואַקסירן דייטשלאַנד, ווייל דאָס היטלערישע דייטש־לאַנד האָט פאַרמאַכט דעם צוטריט פון רייזנדע קיין עסטרייך. און וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט עס פאַר די אינטערעסן פון דער אינטערנאַצי־אָנאַלער אַרבעטער־באַוועגונג? פאַר די אייגנטימער פון די עסטרייכי־שע האָטעלן יאָ, אָבער פאַר דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבעטער־באַווע־גונג — דאָס איז נאָך אַ גרויסע פראַגע. אויב ווידער עס וועט זיך האַנד־לען וועגן דיווירקלעכע אינטערעסן פון דער דייטשישער רעוואָליוציע, אויב דער בויקאָט וועט זיין אַ ווירקלעכע אונטערשטיצונג פאַר דער רע־וואָליוציאָנערער באַוועגונג אין דייטשלאַנד, פאַר אַראָפּוואַרפן היטלערן, אויב עס וועט זיין ווירקלעך אַ מאַסן־באַוועגונג פאַר בויקאָט, אויב עס וועט זיין אַ מאַסן־באַוועגונג אין דייטשלאַנד גופע, — דאַן וועלן די קאָמוניסטן זיין די, וואָס וועלן אַזאַ בויקאָט אָרגאַניזירן.

קראַפּטלאָז אין זייער באַנקראָט און אין זייער רעציכע קעגן דעם קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל און קעגן ססר, האָבן די בראַנד־לעריאַנער און טראָצקיסטן אָנגעהויבן ריידן, אַז עס האָט באַנקראָ־טירט נישט בלויז די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, נאָר אַז עס האָט באַנקראָטירט אויך די דייטשישע קאָמוניסטישע פּאַרטיי. לעָ־דיי צו פאַרדעקן דעם באַנקראָט פון דער ס.־ד., האָבן זיי אָנגעהויבן צו דערווייזן, אַז באַנקראָטירט האָבן ביידע פּאַרטייען. די דאָזיקע פאַב־ריגים און נידערטרעכטיקע האָבן אָנגעהויבן צו פאָדערן בײַ דער קאָמ

אנ אופשטאנד אינעמ מאָמענט, ווענ היטלער איז געקומענ צו דער מאכט. דער ציל פונעמ דאָזיקנ מאנעווער איז געווענ קלאָר — דיס־קרעדיטירנ די אײנציקע פארטײ, וואָס איז פײִק אָרגאניזירנ די מאסנ צו א רעוואָליוציע, ופירנ די מאסנ צו א רעוואָליוציע. די סאמע „לינקע" פונ זײ, צומ בײַשפּיל, בראָקווי, ווענ די קפּד האָט שוינ ארויסגע־רופנ באוונדערונג מיט איר העראָיזמ, זײַנענ צוגעשטאנענ צומ בלאָק באוער—טראָצקי—בראנדלער אפ דער „אינטערנאציאָנאַלער" קאָנפע־רענצ פונ די רענעגאטישע גרופנ, נאָר זײ האָבנ ארײַנגעטראָגנ זײער אײגענע פאָרמולע, אז „עס האָט באנקראָטירט ניט בלויז די פּאָליטיק פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע אינ דײַטשלאנד, נאָר די קפּד איז אויכ פאראנטוואָרטלעכ פאר דער דײַטשישער קאטאסטראָפע, האגאמ אינ גרונט האָט זי זיכ ארויסגעוויזנ פאר רעוואָליוציאָנער געזונט, אונ איר דורכפאל דערקלערט זיכ מיט דער פאלשער טאקטיק".

פרעגט זיכ, צי האָט ניט אָט די דאָזיקע „לינקע" אײַנשטעלונג אויפגענומענ דער כ' גוטמאנ, דערקלערנדיק, אז „געוויסע שוואכקײַטנ פונ דער קפּד אינ אָגווענדנ דעמ אײנהײַטלעכנ פראָנט האָבנ פארלײַכטערט דעמ זיג פונ היטלערנ", אז „אויב ניט אנערקענענ די פעלערנ פונ דער קפּד, מוז מענ זיכ שטעלנ אפנ שטאנדפּונקט, אז די פאשיסטישע דיקטאטור איז אומפארמײַדלעכ". צי האָבנ ניט די דאָזיקע „לינקע" געגעבנ דעמ צעטל „פעלערנ" פונ דער קפּד די רעדאקטאָרנ פונ „קאיע די באָלשעוויזמ"? צי האָבנ ניט די דאָזיקע „לינקע" געגעבנ אנ אײַנשטעלונג דעמ ארבי־שווײַגנדיקנ כאווער יעמ־בער דרא, אז מיטנ ענטפער אפ דער ווענדונג פונ צווייטנ אינטערנא־ציאָנאל האָט דער קאָמינטערנ אָנגעהויבנ א נײַע טאקטיק אינ דער פראגע וועגנ אײנהײַטלעכנ פראָנט?

די דאָזיקע מענטשנ, פונקט ווי רעמעלע—נײַמאנ, האָבנ זיכ צוזא־מענגעשלאָסנ מיט דער „לינקער" סאָציאַל־דעמאָקראטיע. פארפלאָנ־טערנדיק זיכ אינעמ אנטשײדנדעמ מאָמענט, זײַנענ זײ געוואָרנ נאָכבאָמקער פונ דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע, זײַנענ זײ געוואָרנ ליקווי־דאטאָרנ בענעגייע צו דער אײגענער פארטײ.

דעריבער איז קוידעמקאָל נײטיק א קלאָרע פאָזיציע בענע־גייע צו דער סאָציאַל־דעמאָקראטיע אונ קוידעמקאָל בענעגייע צו דער „לינקער" סאָציאַל־דעמאָקרא־

טיע — דעם דאָזיקן סאמע געפערלעכן סוינע פון קאָמוניזם.

אין דשענעווע האָבן די סאָציאַל־דעמאָקראטן ביים די וואלן נאָך די גרויסע פּאָליטישע געשעענישן פאָריקן יאָר אָפּגעהאלטן א גרויסן ניצאָכן. די קאָמוניסטן האָבן געליטן א מאַפּאָלע. די ארבעטער זאָגן ריכטיק: ווי דשע זאָל מען שטימען פאר די קאָמוניסטן, אז ס'איז ניטאָ קיין שום אונטערשייד צווישן די קאָמוניסטן און סאָציאַל־דעמאָקראטן. אין דשענעווע זיינען די סאָציאַל־דעמאָקראטן „לינקע" און די קאָמוניסטן רעכטע. אָבער דער „לינקער" סאָציאַל־דעמאָקראט ניקאָל אין דשענעווע האָט געשלאָסן א בלאָק מיט די בורזשואזע פארטייען, האָט צוזאמענגעשטעלט א קאָאַליציע־רעגירונג און איז געקומען צו דער מאכט. אין נאָמען פון דער קאָאַליציע־רעגירונג פּראָקלאמירט ער איצט אן „ארבעטער־פויערשע דעמאָקראטיע" אין דשענעווע, פּראָקלאמירט דשענעווע פאר א סאָציאַליסטישע רעפּובליק. אייניקע קאָמוניסטן, ווי מע זאָגט, ווערן דערמיט פארכאַפּט, באגריסן ניקאָלס רעגירונג. אָבער ניקאָל האָט ניט איין מאָל גערעדט „לינקע" פראזן און איז ניט איין מאָל געגאנגען דערנאָך אין קאנאָסע צו קאַפּיטולירן פאר די רעכטע. מיר האָבן קיין שום גרונט ניט צוטרויען דעם „סאמע לינקן" ניקאָל. מיר דארפן אים ארויסשטעלן פאָדערונגען, דעמאסקירן אים, שוין איצט זאָגן, אז ניקאָל איז אין א בונד מיט דער בורזשואזיע, אז ער וועט קעגן דער בורזשואזיע ניט גיין, נאָר ער וועט גיין צוזאמען מיט דער בורזשואזיע קעגן די ארבעטער. מיר דארפן איינגלידערן טיף אינעם באוווסטזיין פון די מאסן, אז דער פּראָלעטאריאט קען אנדערש זיך ניט שטעלן בא דער מאכט, ווי נאָר אראָפּווארפנדיק די בורזשואזיע און צעשטערנדיק איר מעלוכע־מאשין.

דשענעווע — דאָס איז א טיפּישע דערשיינונג. דעריבער רייד איך וועגן דשענעווע. מיר דארפן זאָגן, אז צווישן די „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראטן און די רעכטע בורזשואזע פארטייען איז ניטאָ קיין וועזנטלעכער אונטערשייד: אויב די רעכטע צעשיסן הונדערטער און טויזנטער ארבעטער און באריִמען זיך דערביי מיט דעם, צעשיסן די „לינקע" סאָציאַל־דעמאָקראטן פון ניקאָלס טיפּ צענדליקער און וויינען — אָט, צו וואָס מיך, א דעמאָקראט און פּאציפיסט, האָבן די קאָמוניסטן דערפירט. נאָר דעריִן, כאוויירים, איז דער אונטערשייד.

עס איז ניטאָ און עס קאָנ ניט זײַנ קיינ לינקע אויסער אונדזער פּאַרטיי. מיר זײַנענ די איינציקע לינקע. דאָס דאַרפֿנ מיר הײַנט קלאָר זאָגנ. אינ דער איצטיקער סיטואַציע, קעדיי צו ווערנ אַנ עמעסער רעוואָלוציאָנער, דאַרפֿ מענ זיכ אָפֿנ שטעלנ קעגנ דער קאָנטער־רעוואָלוציאָנערער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. וואָס זשע פֿאַר א רעוואָלוציאָנערנ זײַנענ ניקאָל אינ דער שווייצ און פֿישער אינ עסטרײַכ, אויב זיי וואַרפֿנ זיכ אונטער דער קאָמאַנדע פֿונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָנפֿירונג.

אָדער אינ די רייענ פֿונ די קאָמוניסטנ, אָדער א קאַמפּ קעגנ קאָמוניזמ — קיינ אַנדער וועג איז ניטאָ. עס איז נייטיק דער סאַמע פֿאַרצווייפֿלטער קאַמפּ קעגנ די „לינקע", ווי קעגנ דער לעצטער קייט שוצ־גראָבנס פֿונ דער בורזשואַזיע.

קעדיי אונדזער ליניע בענוגע צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע זאָל זײַנ קלאָר, איז נייטיק אַנ אַנטשיידענער קאַמפּ קעגנ דעמ אָפּאָרטוניזמ אינ אונדזערע רייענ.

רעמעלע־ניימאַנ זײַנענ אַרויסגעטראָטנ אונטער א „לינקער" שירמע, גוטמאַנ—עמבער־דראָ—אונטער א רעכטער, אָבער ווי די, אַזוי יענע, האָבנ זיכ אונטערגעגעבנ דער ווירקונג פֿונ דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָס, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע לעבט איבער א טיפֿנ קריזיס, ווײַזט בלויז, אַז עס איז נייטיק נאָכ א שאַרפֿערער קאַמפּ קעגנ איר, קעגנ אַלע אירע גרופּעס און גלײַכצײַטיק א קאַמפּ אָנ צוויי פֿראָנטנ אינ אונדזערע אייגענע רייענ.

נאָר אַזוי וועלנ מיר זײַנ פֿעיִק צו לייזנ די גרעסטע אויפֿגאַבנ, וואָס שטייענ פֿאַר אונדז.

א קאָמוניסטישנ באַוווסטזײַנ אינ דער סטיכייִש־וואַקסנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג טראָגנ בלויז מיר. אָנ אונדזער אַקשאָנעסדיקער אַרבעט קאָנענ מיר ניט דעראָבערנ קיינ מערהײַט אַרבעטער־קלאַס פֿאַרנ רעוואָלוציאָנערנ קאַמפּ. בלויז דאָרט, ווו די סטיכייִשע באַוועגונג פֿאַראייניקט זיכ מיט דער באַוווסטזיניקער אַרבעט פֿונ די קאָמוניסטנ, בלויז דאָרט באַקומט זיכ א רעוואָלוציאָנערע אַרבעט.

די סאַמע וויכטיקע אויפֿגאַבע איז איצט פֿאַר אַלע פּאַרטייענ, אָבער באַזונדערס פֿאַר דער דײַטשישער, טשעכאָסלאָוואַקישער און עסטרײַכישער, באַוואָרענענ די פּאָליטישע אָנפֿירונג מיט די מאַסנ, רעכטצײַ־

טיק רעאגירן אויף די געשעענישן, רעכטצײַטיק געבן פּאָליטישע לאָזונגען. בלויז דאָס וועט זיכערן אונדזער אָנפירונג מיט די מאסן.

די צווייטע וויכטיקסטע אויפגאַבע איז קענען צונויפפּאָרן די אומלעגאַלע אַרבעט מיט דער ווירקלעכער מאַסעווידיקײַט פון דער דאָזיקער אַרבעט.

די דריטע אויפגאַבע איז זיכערן ווירקלעכע אָנופהערלעכקײַט אין דער אַרבעט פון יעדער פּאַרטייִשער אָרגאַניזאַציע, אָנהייבנדיק פון קעמערל, ענדיקנדיק מיטן צק, קעדיי די געשעענישן זאָלן ניט פאַרבײַגיין פאַרבײַ אונדז, קעדיי מיר זאָלן רעאגירן אויף אַלע געשעענישן.

די פערטע וויכטיקסטע אויפגאַבע איז דער פּראָלעטאַרישער אינטערנאַציאָנאַליזם ניט מיטן מויל, נאָר אין טאַט.

אינעם צונויפפּאָרן די דאָזיקע אַלע אויפגאַבן איז דערווײַל און בלײַבט דער בעסטער לעבעדיקער בײַשפּיל פון אַלע פּאַרטייען פון די אומלעגאַלע לענדער די קאָמפּאַרטיי פון פּוילן, די דאָזיקע עלטסטע מאַסעווע אומלעגאַלע פּאַרטיי.

***

אונדזערע אויפגאַבן זײַנען שווער, אָבער אונדזערע צילן זײַנען גרויס און קלאָר. אונדזער וועג איז ריכטיק. דאָס קאָנען מיר הײַנט זאָגן מער, ווי ווען ניט איז. טוט נאָר אַ טראַכט, וואָס וואָלט געווען, ווען מיט 30 יאָר צוריק וואָלטן די באָלשעוויקעס ניט אויפגעשטאַנען קעגן דעם אָפּאָרטוניזם פון צווייטן אינטערנאַציאָנאַל, ווען מיט 15 יאָר צוריק וואָלט ניט געשאַפן געוואָרן דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, ווען מיר וואָלטן ניט געווען, ווען עס וואָלט ניט געווען דער ראַטנפאַרבאַנד! דאַן וואָלט די אייראָפּייִשע אַרבעטער־באַוועגונג געלעגן אַ צעבראָכענע, אַ צעריסענע פונעם נאַציאָנאַליזם. דער פאַשיזם וואָלט טריומפירט זײַן זיג. דער אַרבעטער־קלאַס, פאַראַטן דורך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָלט ניט געהאַט קיין פּערספּעקטיוון, קיין אָנפירונג.

איצט איז ניטאָ אַזאַ קראַפט, וואָס וואָלט אונדז געקענט צעקלאַפּן. דער גורל פון דער אַלוועלטלעכער אַרבעטער־באַוועגונג איז אין דער אונטערשטער שורה בײַ אונדז אין די הענט. די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אָריענטירט די מאַסן אויף אַן עפּאָכע פון פאַשיזם. מיר

ווײַזנ, אַז פאָרוויס איז אַ נײַער טור רעוואָליוציעס אונ מילכאָמעס. צי וועט די רעוואָליוציע אַריבעריאָגנ די מילכאָמע ווײסנ מיר ניט. אָבער אויב די מילכאָמע קענ אונדז ניט שרעקנ, וואָרעמ נאָכ איר איז די רעוואָליוציע. סססר איז אויסגעוואַקסנ אינ דער סאַמע גרעסטער קראַפט אינ דער וועלט-פּאָליטיק. דער סאָציאַליזמ האָט זיכ פאַר-וואַנדלט אינ אַ ווירקלעכקײט אפ אַ זעקסט-כײלעק פונעמ ערדקײַלעכ. עס וואַקסט די כינעזישע ראַטנ-רעפּובליק. מיר וועלנ אַוועקגײנ פונעמ איצטיקנ פּלענומ מיטנ לאָזונג פונ קאַמפ פאַר דער סאָוועטישער מאַכט אינ דער גאַנצער וועלט.

וואָס זשע פאָדערט זיכ איצט פונ יעדנ פונ אונדז, קאָמוניסטנ?

איצט פאָדערט זיכ פונ יעדנ קאָמוניסט קווידעמקאָל — אַ ווילנ צומ קאַמפ פאַר דער מאַכט.

אַ ווילנ צו דער מאַכט — דאָס באַטײַט אַנ אַקשאָנעסדי-קער, שווערער, מעסירעסנעפעשדיקער קאַמפ פאַר דעראָבערנ די מער-הײַט פונעמ אַרבעטער-קלאַס, פאַר אויספורעמענ אַ רעוואָליוציאָנערע אַרמײ פונ איבערגעגעבענע ביזנ סאָפ קעמפער פאַרנ קאָמוניזמ.

אַ ווילנ צו דער מאַכט — דאָס באַטײַט אַנ אַקשאָנעסדי-קער קאַמפ צו פאַרטײדיקנ די טאָגטעגלעכע אינטערעסנ פונעמ אַר-בעטער-קלאַס אינ די פאַבריקנ, זאַוואָדנ, אונ די פּראָפאַרײַענ, אפ די אַרבעטס-בירזשעס.

אַ ווילנ צו דער מאַכט — דאָס באַטײַט אַנ אַקשאָנעסדיקער אונ שווערער קאַמפ פאַר די פאַרבינדעטע פונעמ פּראָלעטאַריאַט, פאַר דער רעוואָליוציע, פאַר די פויערשע מאַסנ, פאַר די מאַסנ שטאָטישנ קלײנבירגערטומ, וואָס זײַנענ רויִנירט פונעמ קריזיס. וואָרעמ דער, ווער עס טראַכט ניט וועגנ פאַרבינדעטע, דער שטעלט ניט ערנסט די פראַגע וועגנ מאַכט, דער טראַכט ניט ערנסט וועגנ דיקטאַטור פונעמ פּראָלע-טאַריאַט.

אַ ווילנ צו דער מאַכט — דאָס באַטײַט אַ קאַמפ קעגנ מיל-כאָמע אונ פאַשיזמ, פאַר פאַרטײדיקנ סססר אונ די כינעזישע ראַטנ, פאַר פאַרטײדיקנ דעמ דײַטשישנ פּראָלעטאַריאַט.

מיר דערמאָנט זיכ אַ פאַרצײַטיקע רוסישע לעגענדע וועגנ מיקולא סעליאַנינאָוויטש, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ ריזיקע גוווּרע. ער האָט אָבער ניט געוווּסט אפ וואָס אָנצושפּאַרנ זיכ.

„וואָלט איך געפֿונען אַפּ וואָס זיך אַנשפּאַרן, וואָלט איך די גאַנצע ערד אויפֿגעהויבן", — זאָגט ער.

מיר האָבן דעם דאָזיקן אַנשפּאַר געפֿונען.

דער דאָזיקער אַנשפּאַר איז די אַרבעט אין די מאַסן.

אַ גוווּרע פֿאַרמאָגן מיר אַ ריזיקע. און אויב מיר וועלן די דאָזיקע גוווּרע אַנווענדן פֿאַר מאַסן־אַרבעט, אויב מיר וועלן באַזײַטיקן אונדזערע שוואַכקײַטן, מיר וועלן זיך נעמען צו דער אַרבעט אין פֿאַבריק, זאַוואָד, אין פּראָפֿאַרײַן ווי געהעריק, וועלן מיר טראָץ דער גאַנצער וועלט־בורזשואַזיע, טראָץ דעם פֿאַשיזם איבערקערן די גאַנצע וועלט און מיר וועלן זיכערן דעם זיג פֿון פּראָלעטאַריאַט. (לאַנגדויערנדיקע אַפּלאָדיסמענטן).

# אינהאלט:




Редактор Шварцборд. Тех. ред. Адлер. Корректор М. Иткович
Сдано в производство 7/I-34 г. Подписано к печати 4/II-34 г.
Уп. Главлита В—76308 «Эмес» 299. Формат 72×105 1/32 1 5/8, п. л.
72000 п. зн. в п. л. Тираж 2000. Заказ № 28.

Типография изд-ва „Дер Эмес“, Москва, Покровка, 9